ספר

# שפך שיח

והוא פירוש וביאור על התפלה היקרה

## „אבינו מלכנו".

וכל חרוז מבואר עפ"י משל

מאת הרב הגאון הדרשן המפואר רבי **אייזיק סטאליאר**

אב"ד דק"ק ראצקי.

עפ"י בקשת רבים העתקנו את הספר היקר הזה לשפת יהודית המדוברת לזכות את הרבים.

---

מיר האבען איבערזעצט אויף יודיש דעם טהייערען ביאור אויף די הייליגע תפלה „אבינו מלכנו" כדי מזכה הרבים צו זיין.



בהוצאת המדפיסים עפעל וגארבער בווילנא.

שנת תרע"ד לפ"ק.

# הקדמה.

יעדער תפלה, יעדע געבעט וואס אונזערע חכמים און די אנשי כנסת הגדולה האבען מתקן געווען, האבען זיי אונז נאר אוועק געשטעלט דעם חומר פון דער תפלה, ד"ה, די ווערטער פון איהר. אבער אין יעדער תפלה געפינט זיך אויך א נפש, א גייסט, דאס איז אבער ניט ארויס צו זעהען, דאס ליגט נאר בעהאלטען אין זייערע היילגע ווערטער, און יעדער מענש ווען ער שטעלט זיך מתפלל זיין, בעטען, ערוועקט זיך דאס ביי איהם אליין, נאך דעם שטאנד פון דעם מענשען, נאך די הויכקייט פון זיין שכל, און נאך דעם געפיהל פון זיין הארץ. מיר זעהען, צום ביישפיעל, צוויי מענשען זיינען מתפלל גלייכצייטיג די זעלבע תפלה, איינער איז מתפלל מיט אווארעם הארץ, מיט פלאמען פייער, וואס גייט פון זיין הארצען. און דער צווייטער—מיט אקאלטע געמיט, מיט א שוואכע הארץ. דער בעט מיט גרויס כוונה, מיט א ריינעם געדאנקען, און ביים צווייטען שאקלען זיך נאר די ליפען און זיין הארץ איז ניט דערביי. יעדערער נאך זיין פערשטאנד ווי ער פארשטייט די היילגע ווערטער פון דער תפלה, און נאך זיין איבערראשונג פון זיינע געפיהלען, וואס עס ווירקט אויף איהם.—נאך מעהר: ביי דעם זעלבען מענשען איז אויך ניט אלע צייטען גלייך. אט דער זעלבער מענש, טרעפט אמאל אז ער שטעלט זיך מתפלל זיין הערט ער אליין מיט זיינע אויערען יעדערווארט ווי עס גייט ארויס פון זיין מויל, און זיין הארץ ווערט פון יעדער ווארט ענטציקט, און ער איז מתפלל מיט א היילגע ווארעמקייט וואס עס גייט ארויס ביי איהם פון הארצען, אז יעדער ווארט וואס ער רעדט גייט ארויס פון מויל ווי א פונק פייער. און א מאהל איז דער זעלבער מענש און די זעלבע תפלה, און ער רעדט און פיהלט גאר ניט וואס ער רעדט, ער רעדט נאר, ווייל ער איז אזוי געוואהנט צו ריידען (מצות אנשים מלומדה).

דאס זעלבע זעהען מיר אט ביי דער דאזיגער היילגער תפלת

„אבינו מלכנו". חאָטש מיר ווייסען דאָך אַללע גאַנץ גוט די גרויסקייט און די הייליגקייט פון איהר, און די גרויסע ווירקונג פון איהר. די גמרא הקדושה ברייננגט אין מסכת תענית (דף כ"ה ע"ב): „מעשה ברי' אליעזר שירד לפני התבה". עס איז געוועזען א צייט וואָס עס איז קיין רעגען ניט געגאַנגען האָט מען גוזר תענית געוועזען און ר' אליעזר הגדול האָט געדאַוויגט פאַר'ן עמוד און ער האָט געזאָגט די פיער און צוואַנציג ברכות וואָס די חז"ל האָבען מתקן געוועזען צו זאָגען ווען עס איז עצירת גשמים, און ער איז ניט געענטפערט געוואָרען, עס איז קיין רעגען ניט געגאַנגען. איז נאָך דעם רבי עקיבא געגאַנגען צום עמוד און האָט געזאָגט די הייליגע תפלה „אבינו מלכנו" איז באַלד געגאַנגען רעגען. איז געוואָרען א טומעל צווישען די תלמידים, ווייל אַללע האָבען געוואוסט אַז רבי אליעזר איז גרעסער פאַר רבי עקיבא'ן, איז אַרויס א בת קול און האָט געזאָגט אַז רבי אליעזר איז טאַקע גרעסער, נאָר ווייל ר' אליעזר איז ניט קיין מעביר על מדותיו איז ער ניט געענטפערט געוואָרען, און רבי עקיבא איז יאָ א מעביר על מדותיו דעריבער איז ער געענטפערט געוואָרען, און עס איז געגאַנגען רעגען. פרעגט זיך אָבער: ווי באַלד אַז רבי אליעזר איז ניט געוועזען קיין מעביר על מדותיו און רבי עקיבא איז יאָ געוועזען א מעביר על מדותיו, קומט דאָך טאַקע אויס אַז אין דער זאַך איז ר' עקיבא געוועזען גרעסער פאַר ר' אליעזר'ן. טאָ פאַר וואָס האָט דער בת קול געזאָגט אַז רבי אליעזר איז גרעסער, ווייזט דאָך אויס אַז ער איז גרעסער אין אַלעם? דערויף ענטפערט דער גאון ר' ישראל סלאַנטער זצ"ל, אַז דאָס וואָס ר' אליעזר איז ניט געוועזען קיין מעביר על מדותיו איז דאָס ניט ווייל ער האָט געהאַט שלעכטע מדות ח"ו, נאָר זיין שיטה איז געוועזען אַז אַזוי דאַרף זיך א תלמיד חכם פיהרען מיט א שטרייננגע דיסציפלין צוליב דעם כבוד התורה, כדי אַז אַלע זאָלען פאַר איהם מורא האָבען. בלייבט אָבער צוריק די קשיא: טאָ פאַר וואָס איז ר' אליעזר ניט געענטפערט געוואָרען אויף זיין תפלה?

הערט זיך צו הייליגע אידען וואָס איך וועל דערויף ענטפע־רען: עס איז בעוואוסט אַז איינעם איז ח"ו שלעכט, אַז דער בוית"ש שטראָפט אַמענשען און ער בעט רחמים ווערט ער געענטפערט, און דער בוית"ש נעמט אראָב דעם שטראָף פון דעם מענשען. פרעגט זיך דערויף: אין דעם בויית איז דאָך קיין שנוי ניטאָ, ער ווערט

דאָךְ נִיט גֶעֶנדעֶרט, טאָ פאַר וואָס מאַכט דִי תפלה אַ שנוי, אַז פרִיהעֶר האָט עֶר יאָ גֶעוואָלט בּעֶשטראָפעֶן דעֶם מעֶנשעֶן און נאַכהעֶר אַז דעֶר מעֶנש בּעֶט אִיהם נעֶמט עֶר אַראָבּ זײַן שטראָף? ווערט עֶס עֶרקלעֶרט דאַמִיט: דאָס אִיז טאַקע אמת, אַז אִין בוי"ת ווערט קײַן עֶנדעֶרונג נִיט, אָבּעֶר דִי עֶנדעֶרונג ווערט אִין דעֶם מעֶנשעֶן, ווִי בּאַלד אַז דעֶר מעֶנש בּעֶט רחמִים האָט עֶר דאָךְ חרטה אויף זײַנעֶ זִינד און עֶר ווערט אַנ'אַנדעֶר מעֶנש דעֶרום נעֶמט דעֶר בוי"ת אַראָבּ זײַן שטראָף פוּן אִיהם, הײַנט פאַרשטײַעֶן מִיר, אַז ווען עֶס גײַט קײַן רעֶגעֶן נִיט אִיז דאָךְ דאָס דעֶרפאַר וואָס דִי מעֶנשעֶן זײַנעֶן זִינדִיג, און אַז מעֶן בּעֶט דעֶם בוי"ת אַז עֶר זאָל געֶבּעֶן רעֶגעֶן דאַרף מעֶן דאָךְ תשובה טאָהן, דעֶרום פאַרשטײַט מעֶן, אַז עֶס אִיז נִיט קײַן פעולה וואָס אײנעֶר אַגרויסעֶר מעֶנש ווערט זִיךְ אַוועקשטעֶלעֶן בּעֶטעֶן בּײַ זִיךְ אִין חדר, בּײַ זִיךְ אִין ווִינקעֶלעֶ, אַז עֶס זאָל גײַן רעֶגעֶן, נאָר דעֶר גאַנצעֶר עולם דאַרף בּעֶטעֶן און בּאַוועֶגעֶן זִיךְ צו טאָן תשובה, דעֶרום פלעֶגט מעֶן, אִין אַזאַ פאַל, זִיךְ אויפקלײַבּעֶן און אַרוים טראָגעֶן דעֶם עמוד אִין גאַס און מ'פלעֶגט אַוועֶק שטעֶלעֶן פאַר'ן עמוד אַזעֶלכעֶן וואָס זאָל קאָנעֶן מעורר זײַן דעֶם עולם תשובה צו טאָן, דעֶרצו דאַרף מעֶן אָבּעֶר האָבּעֶן אַמעֶנשעֶן וואָס אִיז גֶעוואָהנט מִיטעֶן עולם און עֶר אִיז בּעֶלִיעבּט בּײַן עולם, עֶר זאָל קאָנעֶן מאַכעֶן אויף זײַ אַ ווִירקונג, דעֶרום ווען עֶס האָט זִיךְ אַוועֶקגעֶשטעֶלט מתפלל זײַן ר' אליעזר הגדול, הגם עֶר אַלײַן האָט טאַקעֶ מתפלל געֶוועֶן מִיט גרויס התפעלות, מִיט גרוים התרגשות הלב, דאָךְ ווײַל עֶר אִיז נִיט געֶוועֶן קײַן מעביר על מדותיו, עֶר האָט זִיךְ געֶפִיהרט מִיט אַשטרײַנגעֶ הנהגה, האָט דעֶר עולם צו אִיהם קײַן צוּבּונד נִיט געֶהאַט, און זײַ זײַנעֶן נִיט עֶרוועֶקט געֶוואָרעֶן, דעֶרום אִיז עֶר נִיט געֶענטפעֶרט געֶוואָרעֶן, אָבּעֶר ווען רבּי עקיבא האָט זִיךְ אַוועֶקגעֶשטעֶלט מתפלל זײַן, עֶר אִיז געֶוועֶן אַ מעביר על מדותיו. עֶר האָט געֶהאַט אַ צוּבּונד צום נאַראָד, האָט זײַן תפלה געֶמאַכט דעֶם ווִירקונג אויפ'ן נאַראָד וואָס זִי דאַרף מאַכעֶן און זײַ זײַנעֶן נתרגש געֶוואָרעֶן און האָבּעֶן תשובה געֶטאָן, דעֶרום אִיז עֶר גלײַךְ געֶענטפעֶרט געֶוואָרעֶן און עֶס אִיז געֶגאַנגעֶן רעֶגעֶן.

לכן רבותי! ווען אִיךְ קום אִיצט צו מאַכעֶן אַפִירוש אויף דעֶר הײַלִיגעֶר תפלה וואָס דעֶר תנא ר' עקיבא האָט מתקן געֶוועֶן און האָט געֶווִירקט אויפ'ן עולם אַז זײַ זאָלעֶן עֶרוועֶקט ווערעֶן צו תשובה און אויסגעֶפועלט דאַמִיט אַז זײַ זאָלעֶן געֶענטפעֶרט ווערעֶן עֶס זאָל

גײַן רעגנען, געפּין איך פאַר נויטיג צו צופּאַסען צו יעדער חרוז א משל וועלכער איז גענומען פון לעבען, פון דער פּראַקטיקע, צוצוציהען דאָס הארץ, יעדער איינציגער זאָל פאַרשטײַן די אורזאַכע פון דער תּפלה (ווי דער מדרש שיר השירים מאַכט פון משל אגרויסען פאַראַר). און דאָס וועט מיטברײַנגען אַז מ׳זאָל מתפלל זײַן די תּפלה מיט מער כוונה ווי געוויינליך, און דאַדורך וועט ערוועקט װערען די רחמי שמים און מיר וועלען געענטפערט ווערען.

**המחבר.**



# פתיחה.

דער שטייגער איז: ווען מ'זאגט „אבינו מלכנו חטאנו לפניך", קלאפט מען זיך אין הארצען. דאס זעלבע איז ווען מ'זאגט „אשמנו" און „על חטא". דארפען מיר פארשטיין וואס בעדייט דאס דער קלאפען זיך אין הארצען?

אין די גרעסערע שטעדט איז איין־געריכטעט אין די רייכע וואהנונגען עלעקטרישע בעלייכטונג. די לאמפען פון די בעלייכטונג זיינען זאגאר זייער הויך וואו א מענשליכע האנד קאן דארט ניט דערגרייכען און צו צינדען זיי. איז דא אין דער נידער ערגעץ וואו געמאכט א קנאפ; און ווען מ'גיט א דריק דעם קנאפ ווערט באלויכטען אלע לאמפען אין דער הויך, וויל פון דעם קנאפ ציהט זיך אדראט אין דער הויך צו יענע לאמפען און מיט דעם דריק פון דעם קנאפ ווערען זיי אלע ליכטיג. דאס זעלבע איז דער קלאפען אין הארצען, דאס איז ריכטיג ווי מ'גיט אדריק דעם עלעקטרישען קנאפ, דערפון ווערען ערוועקט די כחות הנפש אין דער הויך, וואס פון די הארץ ציהט זיך צו זיי פארבארגענע רערען, און ווען די הארץ ווערט נאר עטוואס באוועגט, ווערען ליכטיג די אלע כחות הנפש און זיי שיינען גאנץ הויך.

מיר זעהן אבער אז די עלעקטרישע בעלייכטונג לייכט אויך ניט אלע מאהל, דען דערצו מוזען די דראטען וואס דורך זיי גייט דורך דער שטראם פון די עלעקטערי זיין גאנץ, עס זאל האבען אפערבינדונג מיט אט די לאמפען, אבער ווען די דראטען זיינען ניט גאנץ, דאן העלפט דער דריקען דעם קנאפ גאר ניט, נאר מי מוז פריהער צו זאמען בינדען די דראטען דער נאך וועט העלפען דער דריקען דעם קנאפ, אז זיי זאלען באלויכטען ווערען.

כך אזוי, הייליגע ברידער! צו ערוועקען און אויף צו לייכטען אין אונז די כחות הנפש מוז זיין די הארץ צוזאמען געבונדען מיט'ן נפש, זיי זאלען ניט זיין אבגעטיילט איינע פון די אנדערע, די קאנאלען וואס זיי ציהען זיך פון דער הארץ צום נפש זאלען זיין ריין און גאנץ. אבער ווען די הארץ איז ניט ריין, די פערבינדונג

איז ניט גאנץ, די קאנאלען וואס פערבינדען זיי ביידע זיינען איבערגעריסען, דאן קאן גאר ניט העלפען דער קלאפען אין הארצען. אלזא הייליגע ברידער! מיר מוזען פריהער די הארץ ריין מאכען פון שמוץ, מיר מוזען פארטרייבען די מחשבות זרות, די שלעכטע געדאנקען וואס דער מענש האט זיך מיט זיי אן געזאפט דעם גאנצען יאהר, דורך ניט עהרליכע מעשים, דורך ניט עהרליכע טראכטונגען, וואס דאדורך איז אבגעריסען געווארען די פעדים וואס פארבינדען די הארץ מיטען נפש, און באשליסען זיך אז ביי די הייליגע טעג ניט צו צולאזען קיין שלעכטע מחשבה צום הארצען, דאן וועט זי קאנען ווערען אויפגעוועקט און באוועגען איהרע ריינע געפיהלען, און דאן וועט קאנען בעלויכטען ווערען די כחות הנפש, ווי דער נביא האט געזאגט, „נשא לבבנו אל כפים אל אל בשמים". לאמיר אויפהויבען אונזער הארץ צו די הענט. ווען מ'קלאפט זיך אין הארצען מיט די הענט איז דער מיין אז די הארץ זאל מען אויפהויבען צו די הענט, ד"ה די הארץ זאל מען בעוועגען און באטראכטען וואס מ'רעט, דאן איז: „אל אל בשמים" צו גאט ב"ה אין הימעל. און מיר דארפען בעטען „לב טהור ברא לי אלקים", השי"ת זאל אונז באשאפען א ריינע הארץ, מיר זאלען די ווידוים און דעם „אבינו מלכנו" זאגען מיט א ווארעמע הארץ, און ניט זאלעווען דערביי אביסל ווארעמע טרערען דאן וועט ווירקען אונזער געבעט, און מיר וועלען געענטפערט ווערען מיט א גוט יאהר, מיט א כתיבה וחתימה טובה, אמן.



# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ חָטָאנוּ לְפָנֶיךָ:

**אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנְזֶער קֶענִיג מִיר הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט פַאר דִיר.**

אִין אַשטאָדט איז געוועזען איינער אמענש אטישעלשפילער דאָס איז אזא טישעל וואָס עס שטייט אויף איהם אָנגעשטעלט פערשידענע כלים, און אז מ׳גיט אדריי ארעדעל פאלט אויף א כלי וועלכער איינער געווינט דאָס) און אין אדערבייאיגע שטעטיל האָט געדארפט זיין א יריד (יארמארק) האָט דער פריסטאוו געשיקט רופען דעם טישעל-שפילער און האָט איהם פארזאָגט אז ער זאָל גיט פאָרען אויפ׳ן יריד מיט זיין שפיל-טישעל, ווארום דערמיט באטריגט מען מענשען און מען צאפט ארויס פון זיי די לעצטע קאָפייקע. יענער האָט אָבער ניט געפאָלגט און איז דאָך געפאָרען, דער פריסטאוו ומטק אויפ׳ן יריד און געפינט איהם דאָרט, פרעגט ער איהם: ווי אזוי האָסטו זיך ערלויבט צו פאָרען אויפן יריד מיט דיין שפיל-טישעל, איך האָב דאָך דיר פארזאָגט אז דו זאָלסט ניט פאָרען? ענטפערט איהם יענער: איך האָב ניט געוואוסט אז דו וועסט אויך קומען אויפ׳ן יריד, ווען איך וואָלט געוואוסט וואָלט איך ניט געפאָרען. נאכהער האָט ער אָבער געשפילט אין גענענוואַרט פון פריסטאוו, איז דער פריסטאוו אין כעס געוואָרען און האָט איהם שטארק באשטראָפט. שטייטש—זאָגט ער—ווי אזוי קאָנסטו דאָס האָבען אַ העזה אין מיין גענענווארט צו שפילען און ניט האלטען מיין פארזאָג פאר מיינע אויגען?!

הייליגע אידען! אָט צו דעם טישעל-שפילער זיינען מיר אויך גלייך. דען וואָס טוהט א מענש דעם גאנצען טאָג? ער דרייט די רעדל און באטריגט לייטען געגען דעם ווילען פון בוי״ת וואָס ער האָט אונז פארזאָגט: „לא תונו איש את עמיתו“. מ׳זאָל ניט נארען איינער דעם צווייטען, און מיר דענקען אז דער בוי״ת זעהט דאָס ניט, מיר דארפען אָבער וויסען אז דער בוי״ת שטייט איבער אונז און זעהט זיך צו צו אונזערע מעשים, ווי דוד המלך

ע"ה זאָגט אין תהלים קל"ט: „אנא אלך מרוחך ואנא מפניך אברח, אם אסק שמים שם אתה ואציעה שאול הנך". וואו קאָן איך זיך פון דיר באַהאַלטען און וואו קאָן איך פון דיר אַנטלויפען, איך זאָל אַרויף געהן אויפ'ן הימעל ביזטו דאָך דאָרטען, און אויב איך זאָל מיר מאַכען אַגילעגער אונטער דער ערד ביסטו דאָך דאָרטען אויך דאָ, און ווי עס שטעהט געשריבען (ירמי' כ"ג): „אם יסתר איש במסתרים ואנכי לא אראנו". קאָן זיך דען אַמענש באַהאַלטען אין אַ באַהעלטעניש און איך זאָל איהם ניט זעהען. דערום זאָגען מיר „חטאנו לפניך" מיר האָבען געזינדיגט פאַר דיר, אין דיין געגענוואַרט איז די זינד זייער גרויס.

ווען איינער זינדיגט דאַרף באַרעכענט ווערען פאַר וועמען ער האָט געזינדיגט. ווען די זינד איז פאַר אַ גרויסען מאַן, רעכענט זיך אַפילו אַקליינע זינד אויך פאַר אַ גרויסע. חטא איז אַשוגג. ד. ה. אַן עבירה וואָס מ'טוט אומגערען, אָבער דאָך פאַר'ן רבש"ע מוז אַ מענש זיין אָב געהיט אַפילו אומגערען אויך ניט זינדיגען, דערום זאָגען מיר חטאנו, חאָטשי מיר האָבען געזינדיגט אומגערן, אָבער לפניך, מיר האָבען דאָך געזינדיגט פאַר דיר. נאָך דיין גרויסקייט ווערט דאָס גערעכענט פאַר אַשטאַרקע זינד.

אין גמרא קדושין (דף ל"ו) געפינען מיר אַ מחלוקת פון תנאים „בנים אתם לה' אלקיכם, בזמן שאתם נוהגים מנהג בנים אתם קרוים בנים אין אתם נוהגים מנהג בנים אין אתם קרוים בנים דברי ר' יהודה" ווען איהר פיהרט זיך ווי קינדער זייט איהר גערעכענט פאַר קינדער ביי דעם בוית"ש. און ווען איהר פירט זיך ניט ווי קינדער זייט איהר ניט גערעכענט פאַר קיין קינדער (נאָר פאַר קנעכט. ב"ב דף י') אַזוי האַלט ר' יהודה. „ר' מאיר אומר בין כך ובין כך אתם קרוים בנים" ר' מאיר האַלט אָבער אַז אפילו ווען אידען פיהרען זיך ניט ווי קינדער ווערען זיי אויך אָנגערופען קינדער ביין בוי"ת. היינט ווי באַלד אַז מיר האָבען געזינדיגט זיינען מיר נאָך דער דעה פון ר' יהודה ניט גערעכענט פאַר קינדער, קאָנען מיר דעם בוי"ת ניט אָנרופען פאָטער נאָר „מלך" קעניג, און נאָך ר' מאיר'ן נאָך קאָנען מיר איהם יאָ אָנרופען פאָטער, דערום בעטען מיר „אבינו" אונזער פאָטער (נאָך ר' מאיר'ן) „מלכנו" אונזער קעניג (נאָך ר' יהודה'ן) חטאנו לפניך.

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ אֵין לָנוּ מֶלֶךְ אֶלָּא אָתָּה:

## אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנְזֶער קֶעניִג מִיר הָאבֶּען נִיט קֵיין קֶעניִג נוּר דִיר.

עֶס האָט אַמאָל פַּאסִירט אִין אַ קעֶנִיגרַייך אַז די אָנפִֿיהרעֶר פֿוּן די זעֶלנעֶר, די אָפִֿיצִיערעֶן האָבּעֶן מורד געֶוועֶן אָן זֵייעֶר קעֶנִיג און דורך זֵייעֶר מרידה האָבּעֶן זֵיי פֿאַרפֿיהרט די פּראָסטעֶ זעֶלנעֶר אויך, ווײַל זֵיי האָבּעֶן געֶמיינט אַז זֵיי, די אָפִֿיצעֶרעֶן, זײַנעֶן זֵייעֶרעֶ העֶכסטעֶ בּעֶאַמטעֶ (גלאַווּנעֶ נאַצאַלניקעֶס) און זֵיי מוזעֶן זֵיי אַלְס פֿאָלגעֶן וואָס זֵיי זאָגעֶן זֵיי און וואָס זֵיי הֵייסעֶן זֵיי טאָן; נאָכהעֶר האָבּעֶן זֵיי זִיךְ אָבּעֶר אַרום געֶזעֶהן אַז זֵיי זײַנעֶן פֿאַרפֿיהרט געֶוואָרעֶן, אויךְ זֵייעֶר געֶהאַלט וואָס זֵיי בּאַקומעֶן פֿון קעֶנִיג האָבּעֶן זֵיי שוין כּעֶר נִיט בּאַקומעֶן און עֶס שטײַט זֵיי פֿאָר צו לײַדעֶן הונגעֶר און נויט אויב זֵיי וועֶלעֶן זִיךְ ווײַטעֶר אַזוי פֿיהרעֶן. דאַן האָט זִיךְ אַוועֶק געֶשטעֶלט אֵיינעֶר פֿון זֵיי און האָט זֵיי אָנגעֶהויבּעֶן צו עֶרקלעֶרעֶן: איהר זאָלט וויסעֶן בּרידעֶר אַז מִיר בּלאָנדזעֶן, מִיר זײַנעֶן פֿאַר פֿיהרט! אמת טאַקעֶ, מִיר דאַרפֿעֶן פֿאָלגעֶן אונזעֶרעֶ עֶלטסטעֶ, דאָס איז אָבּעֶר גאָר דאַן ווען זֵיי זײַנעֶן אַלֵיין טרײַ דעֶם קעֶנִיג, אָבּעֶר ווי בּאַלד אַז די עֶלטסטעֶ האָבּעֶן פֿאַרלאָרעֶן זֵייעֶר טרײַהײַט צום קעֶנִיג, דאַן דאַרפֿעֶן די זעֶלנעֶר זֵיי נִיט פֿאָלגעֶן, דען די גרויסקײַט פֿון די עֶלטסטעֶ איז נאָר ווײַל דעֶר קעֶנִיג האָט זֵיי דעֶם מאַכט געֶגעֶבּעֶן, אָבּעֶר ווי בּאַלד אַז זֵיי האָבּעֶן אִין קעֶנִיג ווידעֶר-געֶשפּעֶנִיגט איז זֵייעֶר מאַכט וואָס דעֶר קעֶנִיג האָט זֵיי געֶגעֶבּעֶן בּטל געֶוואָרעֶן. און אִין דעֶם פֿאַל דאַרפֿעֶן די זעֶלנעֶר בּלײַבּעֶן טרײַ דעֶם קעֶנִיג און נִיט קוקעֶן וואָס די עֶלטסטעֶ הֵייסעֶן זֵיי טאָהן קעֶגעֶן דעֶם ווילעֶן פֿון קעֶנִיג. די זעֶלנעֶר ווי גלײַך זֵיי האָבּעֶן זִיךְ אַרומגעֶזעֶהן זֵייעֶר טעות, זײַנעֶן זֵיי געֶלאָפֿעֶן גלײַך צום קעֶנִיג און האָבּעֶן איהם עֶרקלעֶרט אַז די עֶלטסטעֶ האָבּעֶן זֵיי אַראָבּגעֶפֿירט פֿון וועֶג און פֿון הײַנט אָן נעֶהמעֶן זֵיי אויף זִיךְ צו זײַן טרײַ זֵייעֶר קעֶנִיג, דען די מאַכט פֿון דעֶר מלוכה איז נאָר אִין זײַן האַנט און די איבּריגעֶ זײַנעֶן נאָר דעֶם קעֶנִיגס דינעֶר.

כּךְ הײַליגעֶ אידעֶן! מִיר האָבּעֶן פֿאַרבּלאָנדזעֶט פֿון דעֶם אויבּעֶרשטעֶנס וועֶגעֶן דורך אונזעֶרעֶ עֶלטסטעֶ וואָס האָבּעֶן אונז פֿאַר פֿיהרט, דאָס איז די אויגעֶן מִיט די האַרץ, ווי די גמרא זאָגט:

„עינא ולבא תרי סרסורי דחטאה אינון", די אויגען מיט די הארץ זיינען צוויי פארפיהרער צו דער עבירה. זיי זיינען אונזערע פיהרער און אונזערע פארפיהרער פון דעם גוטען וועג צו גיין אין אשלעכטע וועג, און דורך זיי האבען מיר אראבגעווארפען פון זיך דעם קעניגליכען יאך און דאריבער האט אונז געטראפען אלע שלעכטעס. יעדער איד וויים דאך ווי ווייט ער איז געיאגט און געפלאגט פון אנדערע פעלקער, חוי ווייט ער איז עלענד, איין שפפסעלע צווישען זיבעציג וועלף און אלע האלטען אויסגעשטעלט די אויגען אויף איהר צו רייסען זי. עס איז פאר שלאסען פאר אונז אלע טויערען פון פרנסה. מען ערקענט אונז ניט אלעם מענשען. עס זיינען געגרינדעט געווארען חברות „צער בעלי חיים" וואס האבען רחמנות אויף בהמות און אויף דעם אידען איז קיין רחמנות ניטא. אלע שקרים, אלע בלבולים ווארפט מען נאר ארויף אויף דעם אידען. און מיר האבען ניט צו וועמען זיך ווענדען צו הילף נאר צום בוית"ש, אבער יעצט אז מיר האבען דערקאנט אונזער טעות קעהרען מיר זיך צוריק צו דעם בוי"ת און מיר זיינען זיך מתודה פאר איהם אז מיר האבען פארבלאנדזעט פון זיינע וועגען און מיר זיינען נאכגעגאנגען נאך אונזערע אויגען און נאך די תאוה פון אונזער הארצען. אמת דער בוי"ת האט זיי געגעבען דעם מאכט אז זיי זאלען זיין די פיהרער פון מענשען, אבער מיר דארפען זיי פאלגען נאר אין דעם פאל ווען זיי פיהרען אונז אין די וועגען פון בוית"ש, אבער ווען זיי פיהרען אונז אראב פון וועג דאן דארפען מיר זיי ניט פאלגען, ווי עס שטייט געשריבען אין דער הייליגער תורה: „ולא תתורו אחרי לבבכם ואחרי עיניכם" איהר זאלט ניט אויסקוקען נאך אייערע הערצער און נאך אייערע אויגען.

ווען אזעלנער אנטלויפט פון דינסט, חאטשי ער האט שוין בעשלאסען ביי זיך צוריק אומצוקעהרען זיך אין זיין לאגער. דאך איז ער ניט זיכער אז ער וועט זיין באפרייט פון אשטראף, אבער ווען דער זעלנער איז אפרייינד פון דעם קעניג קאן ער שוין גיכער זיכער זיין אז דער קעניג וועט איהם מוחל זיין און וועט איהם בעפרייען פון יעדער שטראף. ווער רעדט נאך אז ער איז זיינער א זון דאן איז ער געוויס פערזיכערט אז ער וועט ווערען בעפרייט פון די קלענסטע שטראף. דאס זעלבע איז מיט אונז הייליגע אידען,

זוי באלד אז דער בוי״ת איז אונזער קעניג און אונזער פאטער, אויף דעם פערזיכערען מיר זיך, אז ווען מיר וועלען זיך צוריק אומקעהרען צו איהם, וועלען מיר ווערען בעפרייט פון יעדען מינדסטען שטראף, דערום בעטען מיר! אבינו מלכנו אין לנו מלך אלא אתה.

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ עֲשֵׂה עִמָּנוּ לְמַעַן שְׁמֶךָ:

## אונזער פאטער אונזער קעניג, טו גוטעס מיט אונז פון וועגען דיין נאמען.

אין א שטאט איז געווען א זייגערמייסטער א אויסנאם, זייער א גרויסער קינסטלער פון זייגערס, זיינע זייגערס זיינען געווען זייער שיין געארבייט און זייער קינסטליך. קיינער האט אבער פון איהם ניט געוואוסט, זיין נאמען איז אין דער וועלט ניט געווען בערופען. אמאל איז געקומען צו איהם א רייזענדער און ער האט געזעהן זיינע קינסטליכע ארבייט, זיינע וואונדערבארע זייגערס וואס ער האט זעלבסט געמאכט, האט ער זייער בעדויערט וואס אזא קינסטלער מיט אזעלכע וואונדערבארע ארבייט איז אויף דער וועלט ניט בעוואוסט. ער האט בעדויערט וואס די מענשען פערשטייען ניט און ווייסען ניט צו שעצען זיין ארבייט. דער רייזענדער ווי ער איז ארויסגעפאהרען אויף דער וועלט האט ער אומעטום דערציילט פון דעם גרויסען קינסטלער, פון זיינע שיינע פראכטפאלע ארבייט, און ער האט זיין נאמען געמאכט פאפולער אויף דער וועלט, מ׳האט זיך צו איהם אקעהר געטאן און מ׳האט אנגעפאנגען קויפען זיינע סחורה, מ׳האט אנגעפאנגען צאהלען פאר זיי גוטע פרייזען, זיינע זייגערס האבען זיך אנגעהויבען אריינדרינגען בחצרות מלכים ושרים, זיי האבען זיך געפונגען אין די קייזערליכע פאלאצען, הגם די סחורה האבען זיי אויסגעשריבען דורך א צווייטע האנד, דער פארדינסט איז ניט געווען אזוי גרויס, ווייל מ׳האט זיך מיט באשטעלונגען ניט געווענדעט צו דעם גרויסען מייסטער אליין, אבער דאך איז דער מייסטער געווען צופרידען וואס זיינע סחורה גייט אויף דער וועלט. אמאהל איז געקומען צו איהם דער זעלבער רייזענדער און האט איהם

געבּעטען ער זאָל איהם פֿערריכֿטען זיינעם א צובראָכֿענעם זיינער, ענטפֿערט איהם דער מייסטער: ווי קאָנסטו דאָס פֿערלאַנגען פֿון מיר אַז איך, וואָס מיינע אַרבּייט גייט אָן אין קייזערליכֿע וואוינונגען, זאָל איך דיר דיין צובראָכֿענעם זייגער פֿאַרריכֿטען? ענטפֿערט איהם דער רייזענדער: יאָ, איך האָב דאָס רעכֿט צו פֿערלאַנגען פֿון דיר. ווייל ווער האָט געמאַכֿט אַז דיינע אַרבּייט זאָל האָבּען אַזאַ נאָמען אויף דער וועלט, ווען ניט איך? ווער האָט דיך מפֿרסם געווען אַז דיינע סחורה זאָל האָבּען אַזאַ גרויסען אָבּגאַנג? נאָר איך, וואָס איך רייז אַרום די וועלט און וואו איך קום דערצייל איך פֿון דיינע וואונדערבּאַרע אַרבּייט. און ווען דו וועסט מיר מיין צובראָכֿענעם זייגער פֿאַרריכֿטען וועל איך דיין נאָמען נאָך מעהר מאַכֿען בּעקאַנט אויף דער וועלט, אַז מ'זאָל זיך וואונדערען מיט די בּעשטעלונגען גלייך צו דיר, ניט דורך אַ צווייטע האַנד, וועט זיין דיין פֿערדינסט גרעסער.

די הייליגע גמרא זאָגט: „לא נתפזרו ישראל לבין האומות אלא כדי שיתוספו עליהם גרים", די אידען זיינען נאָר צושפּרייט געוואָרען צווישען די פֿעלקער כדי עס זאָל צוקומען צו זיי גרים, איז דאָס יתכן אַז צוליב עטליכֿע גרים וואָס וועלען צוקומען אין די הונדערטער יאָהרען זאָלען אידען דאַרפֿען אַזוי לאַנג אַרומוואַלגערען זיך? נאָר די כונה פֿון דער גמרא איז ניט די גוים זאָלען זיך מגייר זיין, נאָר די אַלע פֿעלקער וואָס צווישען זיי געפֿינען זיך אידען זאָלען דערקענען זיין הייליגען נאָמען. ווי מיר זעהען דאָס פּראַקטיש, דאָס אין אַלע לענדער וואו אידען זיינען פֿערוואָגעלט געוואָרען ווייס מען אַז עס איז דאָ אַ בּעשעפֿער אויף דער וועלט. ווייל אידען האָבּען מפֿרסם געווען זיין נאָמען און זיינע וואונדערבּאַרע מעשים. הגם זיי זיינען מצרף צו איהם נאָך אַ קראַפֿט, און קויפֿען ניט זיינע סחורה דירעקט פֿון זיין האַנד, דאָך איז ער צופֿרידען וואָס זיין הייליגער נאָמען איז בּעוואוסט אויף דער וועלט. און מיר האָפֿען אַז אויף ווייטער וועלען מיר זיין נאָמען נאָך מעהר מאַכֿען וויסען אַז מ'וועט די סחורה זיינע אויסשרייבּען גלייך פֿון זיין האַנד אָהן אַ פֿערמיטלער, „ויקבלו כלם א.‚ עול מלכות‚ ‚. אַלזאָ קאָנען מיר דרייסט קומען צום רבש"ע בּעטן איהם ער זאָל כ.ב אונז גוטעס טאָן און זאָל אונז פֿאַרריכֿטען אונזערע צובּ. אָכֿענע קערפּערס, ער זאָל אייפֿבּויען אונזער צובראָכֿענע פֿאָלק ישראל, פֿון זיין נאָמען וועגען. ווייל מיר מיט אונזער וואַנדערען אויף דער וועלט זיינען מיר

מפרסם זײַן נאָמען אויף דער גרויסער וועלט. דען דורך אונז האָבען די אומות העולם דערקאָנט זײַן גאָטהײַט.

מיר זעלבסט אָבער, האָבען זיך מייהם געווען צום בוי"ת בעפּאָר זײַן נאָמען איז געוואָרען פּאָפּולער אויף דער וועלט, און מיר זײַנען געווען גערופען בײַ איהם קינדער, ווי דער פּסוק זאָגט: „בני בכורי ישראל". און דאָס איז געווען נאָך איידער די אומות העולם האָבען דערקאָנט זײַן גאָטהײַט, און נאָכהער איז זײַן קעניגרײַך געוואָרען פּאָפּולער אויף דער וועלט דורך אונז אידען, דערום זײַנען מיר כולל אין אונזער תּפלה: „אבינו מלכנו עשה עמנו למען שמך".

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ חַדֵּשׁ עָלֵינוּ שָׁנָה טוֹבָה.

אונזער פּאַטער אונזער קעניג בענײַ אונז אַ גוט יאָהר.

ווען איינער אַשכן, וואָס עס האָט זיך געענדיגט זײַן קאָנטראַקט פון זײַן דירה קלײַבט זיך איבער אין אַ צווײַטער דירה. אויב דער שכן איז אַ רײַכער מאַן מאַכט מען ווענען איהם קיין חקירות ודרישות ניט. דען ווי עס קומט דער נײַער יאָהר באַצאָהלט ער מיט אַמאָל די דירה געלט און מ'גיט איהם אַרויס אַ קאָנטראַקט אויף'ן גאַנצען יאָהר. אָבער ווען דער שכן איז אַן אָרעמאַן דאָ מאַכט מען שוין ווע־גען איהם אַ גאַנצע חקירה ודרישה אויב ער איז צאָלבאַר, אויב ער האָט בעצאָהלט דירה געלט פאַר'ן פערגאַנגענעם יאָהר, אויב ער האָט ביכולת צו צאָלען ווײַטער. אַלזאָ וואָס דאַרף דער אָרע־מער שכן טאָן? ער דאַרף זיך צוגרײַטען מיט אַ חודש צײַט פריער, אָנשטרענגען זיך מיט אַלע קרעפטען צו בעצאָלען דירה געלט פאַר'ן פאָריגען יאָהר און געבען עטוואָס האַנדגעלט אויפ'ן קומענ־דען יאָהר.

המליצה ברידער! איצט קומט פאַר דער נײַער יאָהר. „ראש השנה"! יעדער מענש בײַט זיך איבער אין אַ נײַער דירה—פון דעם אַלטען יאָהר אין דעם נײַעם יאָהר! ער מאַכט אַ נײַעם קאָנטראַקט, אַ נײַעם „זכרנו לחיים"! די רײַכע, ד"ה די צדיקים, ווענען זײַ מאַכט מען קיין שום חקירה ודרישה ניט, מ'שרײַבט זײַ באַלד אונטער זײער קאָנטראַקט, זײער „זכרנו לחיים". וצדיקים גמורים נכתבין ונחתמין

לאלתר לחיים)". אָבער וואָס דאַרפֿען מיר טאָן? מיר זײַנען דאָך אָרע־
מע שכנים און מיר האָבען נאָך ניט בעצאָהלט די דירה־געלט פֿאַר׳ן
פֿאָריגען יאָהר, אַלזאָ מוזען מיר זיך צוגרײַטען אַ חדש פֿריהער און
אָנווענדען קרעפֿטען צו בעצאָלען די דירה געלט פֿאַר׳ן פֿאָריגען יאָהר, אויף
דערויף האָט מען אונז נעגעבען דעם חדש אלול, בכדי אז אין דעם
חדש זאָלען מיר זיך פֿאַרברייטען צו בעצאָהלען וואָס מיר זײַנען גע־
בליבען שולדיג פֿון דעם פֿאָריגען יאָהר, און צוגרײַטען פֿיעל עס
איז מעשים טובים עס זאָל זײַן אַלס האַנדגעלט צו געבען אויפֿ׳ן
קומענדען יאָהר.

ווי איז נאָך אַז דער שכן האָט אין דער אַלטער דירה געמאַכט
שאָדענס, מוז ער פֿריהער בעצאָלען די שאָדענס וואָס ער האָט
געמאַכט. ווען ניט וועט מען איהם אין דער נײַער דירה ניט אַרײַנ־
לאָזען. דאָסזעלבּע איז מיט אונז הײַליגע אידען! מיר ווײסען דאָך
אַלײַן פֿיעל שאָדענס מיר האָבען געמאַכט אין אַלטען יאָהר! פֿיעל
לאוין האָבען מיר עובר געווען! פֿיעל לשון הרע און רכילות האָבען
מיר גערעט! פֿיעל שבתים האָבען מיר מחלל געווען! אַלזאָ דאַר־
פֿען מיר איצט נעמען אויף זיך צו פֿאַרריכטען דאָס, בכדי מ׳זאָל
אונז אַרײַנלאָזען אין דער נײַער דירה, מ׳זאָל אונז שרײַבען אַ נײַעם
יאָהר צו לעבען.

ווי איז נאָך אַז דער שכן באַקלאָגט זיך אויף דער אַלטע
דירה אַז זי האָט געהאַט פֿעהלערען: זי האָט געראָווכערט, אָדער זי
איז געווען אַקאַלטע, אָדער זי איז געווען אַטשאַדנע דירה, און ער
וויל אַז די נײַע דירה זאָל זײַן אַ בעקוועמערע, זי זאָל ניט האָבען די
אַלע פֿעהלערען וואָס די אַלטע דירה האָט געהאַט, מוז ער דאָך געוויס
שטאַרען זיך באַצאָהלען די אַלטע דירה געלט.

כך הײַליגע ברידער! דער פֿאָריגער יאָהר איז געווען אַ דירה
פֿול מיט פֿעהלערען! זי איז געווען פֿול מיט רויך! וויפֿיל אידישע
שטעט זײַנען פֿערברענט געוואָרען דעם יאָהר און די מענשען זײַנען
געבליבען ליגען אונטערען בלויזען הימעל אויפֿ׳ן רעגען און געפֿרוירען
פֿון קעלט! עס איז געווען אַ טשאַדנע דירה מיט קאָפּווײַטאָג. ווײַל
עס איז קײַן פרנסה ניט געווען! לכן דאַרפֿען מיר זיך שטאַרען צו
באַצאָלען דירה געלט, טאָן תשובה אויף אונזערע זינד און טאָן
גמילות חסדים און געבען צדקה אָרעמע לײַט.

די תשובה וואָס אַ מענש דאַרף טאָן, דאַרף זײַן סײַ אויף די
זינד וואָס אָנבעלאַנגט פֿון איהם צום בוי״ת, וואָס ער האָט ווידער־

געשפעניגט קעגען איהם און האט ניט געטאן זיין פערבאט. דאן ווען ער טוט תשובה און נעמט אויף זיך צו פאלגען אלע זיינע פארבאטען ווערט ער אן גערופען א זון. אויך דארף זיין די תשובה אויף די זינד וואס עס איז אנבעלאנגט פון איהם צו א צווייטען מענשען, וואס ער האט דעם צווייטען גע'גזל'ט, גערויבירט, אדער ער האט אבגענארט יענעם. און ווען ער טוט תשובה צו השי"ת און קעהרט אום וואס ער האט פון ווילמען גע'גזל'ט, גערויבירט, דאן ווערט דער בוי"ת גערופען ביי איהם מלך, דען דאס איז דער פליכט פון א קעניג אויף צו פאסען דעם נאראד אז מ'זאל איינער דעם צווייטען ניט בעטריגען און די מענשען זאלען בעהאנדלען איינער דעם צווייטען ארענטליך. דערום בעטען מיר, „אבינו מלכנו" (ד"ה מיר טוען תשובה ביי אין וואס עס איז אנבעלאנגט פון אונז צום בוי"ת און ביי אויף וואס עס איז אנבעלאנגט פון איינעם צום צווייטען . דערום) „חדש עלינו שנה טובה".

---

## אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ בַּטֵּל מֵעָלֵינוּ כָּל גְּזֵרוֹת קָשׁוֹת׃

### אונזער פאטער אונזער קעניג זיי מבטל פון אונז אלע שווערע גזירות .

עס האט אמאהל פאסירט אין א שטאט, מ'האט איינעם א מענשען געכאפט און אריין געפיהרט אין א הויז און שטארק געשלאגען, ער איז געלעגען עטליכע וואכען קראנק. נאכהער ווען ער איז געווארען געזונד האט ער פארקלאגט די מענשען וואס האבען איהם געשלאגען אין געריכט און מ'האט זיי צו געמשפט איהם צו באצאלען א גרויסע סומע געלט, ער איז געוועזען זייער צופרידען, דאך בשעת ער האט געליטען פון די קלעפ איז איהם געוועזען שווער צו פארטראגען און איז געוועזען שטארק אום-צופרידען, חאטשי ער האט גערעכענט אז מ'וועט איהם נאכהער פאר אלץ באצאלען . דאס זעלבע איז געוועזען מיט אונז אידען אין מצרים . מ'האט מיט אונז שווער געארבייט בחמר ובלבנים, מיט אלע שווערע ארבייט אין שטוב און אין פעלד. אמת מ'האט אונז גוט

באַפּריִדיגט. מיר זײַנען אַרויסגעגאַנגען ברכוש גדול, דאָך בשעת מ'האָט מיט אונז געאַרבײַט איז געווען שווער צו פאַרטראָגען, ווי עס שטײט געשריבן: „ויאנחו בני ישראל מן העבודה ויזעקו". די אידען האָבען געזיפצעט פון די שווערע אַרבײַט און האָבען געשריען. דאָס זעלבע וועט זײַן מיט אונז אויך איצט, מיר זײַנען זיכער אַז פאַר אַלע גזרות וואָס מ'מאַכט אויף אונז אידען וועלען מיר זײַן גוט באַלוינט, דאָך איז איצט שווער צו לײַדען.

דער אונטערשײד פון „גזרות קשות" און „גזרות רעות", שווערע גזרות צו שלעכטע גזרות: גזרות רעות זײַנען שלעכטע בעצם, גזרות קשות זײַנען בעצם ניט שלעכט, עס איז נאָר שווער צו פאַרטראָגען, ווען מען גיט, צום בײַ־שפּיעל, אַ מענשען צום עסען אַלטע פלײש, אָדער פאַרדאָרבענע פלײש פון אַקראַנקע בהמה, ער פאַר דאַרבט דעם מאָגען, ער קאָן דערפון קראַנק ווערען און אַרײַן פאַלען אין אַ געפאַהר. דאָס הײסט שלעכטע פלײש. ווען מ'גיט איהם אָבער האַרטע פלײש, עס איז איהם שווער צו קײַען, אָבער דאָס איז פרישע פון אַ געזונטע בהמה, קאָן דאָס ניט הײסען שלעכטע, נאָר דאָס איז האַרטע פלײש. דאָס זעלבע איז דאָ „גזרות קשות" שווערע גזרות, און „גזרות רעות" שלעכטע גזרות, די גזרות וואָס מ'איז גוזר אויף אונז אין רוחניות. אין מאָראַל, דהיינו: ווען מ'איז גוזר אויף אונז מ'זאָל מחלל שבת זײַן, מ'זאָל עובר זײַן אויף אַ מצוה פון דער תורה, דאָס איז „גזרות רעות" שלעכטע גזרות, דען דאָס איז ווירקליך שלעכט. ווען אָבער מ'איז גוזר אויף אונז גזרות אין גשמיות, אין קערפּערליכע זאַכען, דאָס קאָן מען ניט רופען בהחלט אַז דאָס איז שלעכט, דען עס קאָן זײַן אַז דער פון וועט גאָר אַרויס קומען די גרעסטע טובה, ווי די גמרא זאָגט: „כל מה דעביד רחמנא לטב עביד". וואָס דער בוי"ת טוט, טוט ער אַלעס צו גוטען, ווען מ'איז גוזר ר"ל אויף אַ מענשען גרוש, מ'זאָל איהם אַרויסטרײַבען פון זײַן אָרט, דאָס איז אַשווערע גזרה, עס איז שווער אַריבער צו טראָגען, אָבער אַמאָהל קאָן גאָר טרעפען אַז אין דעם נײַעם אָרט וואָס ער באַזעצט זיך געפינט ער גראַדע דאָרטען זײַן גליק. נאָר ווײַל דער מענש ווײס דאָך ניט וואָס די צוקונפט וועט זײַן איז איהם דאָס שווער אַריבער צו טראָגען.

מיר אידען לײַדען פון די שווערע גזרות אין צווײען, סײַ אין גשמיות וואָס עס איז שווער צו לײַדען, און סײַ אין רוחניות, ווי די גמרא זאָגט: „עניות מעברת את האדם על דעתו ועל דעת

קונו". אָרעֶמקײַט פֿירט אַראָב דעָם מעֶנשעָן פֿון וועָג, און ווי שלמה המלך ע״ה האָט געָבעָטעָן: „ראש ועושר אל תתן לי וגו׳ ופן אורש וגנבתי ותפשתי שם אלקי" (משלי ל׳). קײַן אָרעֶמקײַט און קײַן רײַכקײַט זאָלסטו מיר ניט געָבעָן, דעָן ווען איך וועָל זײַן אָרעָם וועָל איך גנב׳נן און שוועָרעָן פֿאַלש, און עָס שטײַט אויך אין שלחן ערוך: ת״ח אל יתענה מפני שמבטל ממלאכת שמים". אַ תּלמיד חכם טאָר ניט פֿאַסטעָן קײַן איבריגעָן תענית ווײַל צו ליב דעָם וואָס עֶר וועָט פֿאַסטעֶן וועָט עָר זײַן שוואַך און וועָט ניט קאָנעָן לעָרנעַן און דינעָן דעָם בוי״ת, אויף דעָרויף בעָטעָן מיר: „אבינו" אונזעָר פֿאָטעֶר, מצד וואָס מיר לײַדעָן אין קעָרפּעֶרליכעָ זאַכעָן (רופֿעָן מיר איהם אָן פֿאָטעָר) „מלכנו" אונזעָר קעֶניג, מצד וואָס מיר לײַדעָן אין גײַסטליכעָ זאַכעָן און מיר קאָנעָן איהם ניט דינעָן ווי עָס געָהעָר צו זײַן (רופֿעָן מיר איהם אָן קעָניג). „בטל מעלינו כל גזרות קשות". זײַ מבטל פֿון אונז אַלעָ שוועָרעָ גזרות.

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ בַּטֵּל מַחְשְׁבוֹת שׂוֹנְאֵינוּ:

## אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנְזֶער קֶענִיג, פַארְנִיכְטֶע דִי פְּלֶענֶער פוּן אוּנְזֶערֶע פַיינְד.

עָס האָט אַ מאָל פּאַסירט אין אַמדינה אַז דעָר מיניסטאָרעָן ראַט האָט אויסגעָאַרבײַט אַפּראָיעָקט זײַער אַשלעָכטעָן פֿאַר דעָר מדינה, עָס איז שוין געָוועָן אַלעָס פֿאַרטיג עָס האָט נאָר געָפֿעָלט דעָר אונטעָרשריפֿט פֿון קעָניג. מ׳האָט דעָם פּראָיעָקט אַוועָק געָטראָגעָן צום קעָניג אונטעָרשרײַבעָן, דעָר קעָניג איז אָבעָר געָוועָן זײַעָר אַ גוטער מעָנש, אַ מלך של חסד, האָט עָר דעָם פּראָיעָקט ניט אונטעָרגעָשריבעָן · זײַ האָבעָן דעָם פּראָיעָקט געָנומעָן צוריק און האָבעָן איהם אַרײַנגעָלײַגט אין ארחיוו, דעָר קעָניג האָט זיך דעָרפֿון דעָר וואוסט אַז דעָם פּראָיעָקט האָט מעָן אוועָקגעָלײַגט אין אַרחיוו האָט עָר זיך באַרעָכעָנט: עָס קעָן דאָך אַמאָהל זײַן אַז עָס וועָט אויפֿשטײַן אַנאַנדעָר קעָניג וואָס עָר וועָט ניט זײַן אַזאַ גוטעָר מעָנש ווי עָר און עָר וועָט געָפֿינעָן דעָם

פראָיעקט אַפּאַרטיגען וועט ער איהם דאַן פּאַרוויַרקליכען, האָט ער געוואָלט פאַר־וואָרענען אַז עס זאָל דערפון ניט אַרויסקומען קיין מכשול, קיין אונאַנגענעהמקייט פאַר דער מדינה. וואָס זי איז ביי איהם אַזוי באַליעבט, האָט ער געגעבען אַבעפעהל אַז מ'זאָל דעם פּראָיעקט אַרויסנעמען פון אַרחיוו און מ'זאָל אין גאַנצען פאַר ניכטען איהם.

אַ שונא ווערט אָנגערופען דער וואָס ער האַלט זיין שנאה פאַרבאָרגען אינעווייניג אין געדאַנקען, און גיט זי ניט אַרויס. דער שונא גיט ניט קיין עצות וואָס זיי זאָלען זיין פאַרען אויג שלעכט, עס זאָל זיך אַרויסווייזען זיין פיינדשאַפט. ער גיט נור עצות וואָס די שלעכטעס פון זיי זאָל זיין פאַר באַהאַלטען, עס זאָל זיך ניט אַרויסזעהן די שלעכטקייט פון אויבען אויף. אָבער זיין ציעל איז נאָר צו טאָן שלעכטעס מיט דעם פאַל אַז מ'זאָל זיי ניט דערקענען, אַזעלכע שלעכטע גזרות האָבען מיר אידען אויף זיך גאַנץ גענוג, מ'מאַכט אַ גזרה אויף אידישע שחיטה, למשל, די מענשען וואָס מאַכען אַזעלכע גזרות שטעלען זיך אַרויס מכלומרשט פאַר אידישע גוטע פריינד׳ זיי זאָגען נאָר אַז זיי זיינען „צער בעלי חיים"ניקעס, זיי האָבען רחמנות אויף דער בהמה אַז זי זאָל ניט ליידען קיין פיל יסורים ווען מען שעכט איהר, און זיי טוען אָב זייערע אַרבייט אויף דעם חשבון פון זייערע רחמנות אויף די בעלי חיים, הגם דער־מיט ווייזען זיי אַרויס די גרעסטע אכזריות אויף מענשען גלייך מיט זיי, דען טויזענדער אידען וועלען ניט קאָנען פאַרזוכען קיין ביסען פלייש. דאָס זעלבע ווען מען גיט אַרויס אַ גזרה צו האַלטען דעם גאַנצען טאָג זונטאָג פאַר מאַכט די קראָמען, זאָגען זיי אַז זיי טוען דאָס פון פרומקייט וועגען, אָבער זייער אינערליכע כוונה איז צו דריקען דעם אידען אין צווייען, הן אין גשמיות הן אין רוחניות. ווען די אידען וועלען פון זייער שחיטה ניט עסען אָדער זיי וועלען זייערע קראָמען האַלטען פאַרמאַכט שבת און זונטאָג דעם גאַנצען טאָג וועלען זיי זיין געדריקט מאַטריעליש. און אויב אַז עס וועלען זיך געפינען אַזעלכע וואָס וועלען ניט קאָנען די גזרה אַריבערטראָ־גען און וועלען ניט היטען דעם אידישען דין, זיי וועלען עסען מבשר פגולם, די טריפה פלייש זייערע, אָדער צו ליב די גזרה פון זונטאָג־רוהע וועלע זיי זיין געדריקט צו האַלטען שבת אָפען זייערע געשעפטען, דאַן זיינען זיי געדריקט מאָראַליש. דערום בעטען מיר דעם בוי"ת. „אבינו" אונזער פאָטער, אַלעס פאָטער דאַרפסטו זעהן

אז דער קינד זאל ניט זיין געדריקט אין גשמיות, דען דער גוף איז דאך דיינער, ווי מיר זאגען אין סליחות. „הנשמה לך" די זעללע איז פאר דיר, צו טאן דיין רצון און דיר צו דינען. „והגוף פעלך", און דער גוף איז דיינער וואס דו האסט איהם באשאפען. „מלכנו" אונזער קעניג, מיט דער נשמה, מיט די רוחניות דארפען מיר דיר דינען, ווערסטו דערום אנגערופען אונזער קעניג, „בטל מחשבות שונאינו", פארניכטע די פלענער פון אונזערע פיינד איידער זיי וועלען נאך געפראיעקטירט ווערען, דען נאכהער ווען די פראיעקטען וועלען נאר ארויסגעהן, האטשי זיי וועלען בלייבען אין ארחיוו ליגען קאנען זיי נאך אמאהל זיך אבפרישען דערום זאלסטו זיי פריער פערניכטען.

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ הָפֵר עֲצַת אוֹיְבֵינוּ:

**אונזער פאטער אונזער קעניג צושטער די עצות פון אונזער פיינד.**

אקעניג פון א גרויסע מדינה האט געפיהרט אמלחמה מיט א צווייטען קעניג פון אקלייגער מלוכה, און ער האט איהם ניט געקאנט באזיגען, ווייל דער קעניג פון דער קלייגער מדינה האט זיך פאר פעסטיגט מיט אשטארקען פעסטונג און ווען דער גרויסער קעניג מיט זיין גרויסע מאכט זיינען געקומען און האבען געוואלט איין נעהמען דעם פעסטונג האבען זיי ניט געקאנט איבער צוויי סבות, איין סיבה איז געווען אנאטירליכע און די צווייטע אקינסטליכע. איין סבה איז געווען: די ערד וואס זיי האבען געוואלט בויען אויף זיי די באטאריען איינצונעהמען די פעסטונג איז געווען א ווייכע און דער פונדאמענט וואס מ'האט געבויט איז געווען שוואך און דעריבער איז גלייך ווי מען פלעגט אנפאנגען בויען די באטא- רייען זיינען זיי גלייך צו פאלען געווארען נאך איידער מען פלעגט פארקאנצענען אויף בויען זיי, די צווייטע סבה איז געווען, ווען זיי פלעגען אפילו אנפאנגען בויען אין א פעסטען ארט, האבען די חיל וואס זיי זיינען געזעסען אין פעסטונג געהאט שפיאנען דארט, וואס זיי פלעגען גלייך געבען זיי צו וויסען, און ווי זיי פלעגען אנפאנגען צו בויען האבען זיי באוויזען אשטארקען געגענשטאנד מיט דעם

וואָס מ'פּלעגט שיסען פון די גרעסטע הארמאטען און דערמיט האָבען זיי צושטערט די ארבייט פון דעם געגנער, אָט די דאָזיגע צוויי זאַכען געפינען מיר ביי דוד המלך ע"ה מיט אבשלום'ען. בשעת זיין זון אבשלום איז געגאנגען מלחמה האַלטען אויף איהם האָט דוד המלך ע"ה געבעטען ביין רבש"ע (ש"ב ט"ו): „סכל נא עצת אחיתופל". פאַרנאַרעש די עצות פון אחיתופל'ן, דער אינזענער אחיתופל זאָל בויען זיין בנין אויף אַ שוואַכען גרונד, ער זאָל געבען אַשלעכטע עצה. דערצו האָט ער נאָך אַמיטעל געטאָן: ער האָט געגעבען אַ שטארקען ווידערשטאַנד, ער האָט געשיקט דעם קלוגען חושי הארכי ער זאָל געבען אַגעגען־עצה געגען די עצה פון אחיתופל'ן.

דער וואָרט „אויב" בעדייט אַ פיינד אַ אָפּענער, ווי מיר געפינען פיעל פסוקים וואָס ווייזען דערויף. דאָס ווידער זעהן מיר: דער מענש וואָס פריער האָט ער זיין פיינדשאַפט באַהאַלטען און ניט אַרויס געוויזען אויסען־ווייניג, ווען ער זעהט אז מיט זיין פאַר־באָרגענע פיינדשאַפט קאָן ער גאָר נישט מאַכען ווערט ער נאָכהער אַ אַרויסגעשטעלטער און אַ אָפּענער פיינד, ווי מיר געפינען ביי פרעה מלך מצרים, פריער האָט ער געוואָלט פאַרבאָרגען זיין שנאה צו אידען, און ער האָט זיי געוואָלט אונטערברייגגען דורך די אידישע אַקושערקעס, ער האָט זיי אָנגעזאָגט: „וראיתן על האבנים אם בן הוא והמיתן אותו". אויב איהר וועט זעהן אַז דער קינד איז אַזון זאָלט איהר איהם טויטען פאַרבאָרגענער הייד, קיינער זאָל ניט וויסען אַז איהר האָט איהם געטויט, מען זאָל מיינען אַז דער קינד איז געבאָרען געוואָרען אַטוידטער, אָבער ווען די אַקושערקעס זיינען געווען גאָטספאָרכטיגע און האָבען דאָס ניט געטאָן, האָט ער געגעבען אַ אָפּענעם באַפעל: „כל הבן הילוד היאורה תשליכוהו". יעדער זון וואָס וועט געבאָרען ווערען זאָל מען איהם אין טייך אַריינוואַרפען, דאָס זעלבע זעהען מיר איצט אויך, די זעלבע מענשען וואָס האָבען צו געזאָגט געבען אידען גלייכע רעכט ווען זיי האָבען געדאַרפט האָבען די אידישע שטימען, זיינען נאָכהער געוואָרען די אידישע אָפענע פיינד און שטייען געגען יעדער בעוועגונג וועגען אידישע רעכט, אויך פיעל וואָס האָבען פאָרהער איין געהאַלטען זייער מויל פון צו ריידען שלעכטעס אויף אידען, זיינען נאָכהער, ווען עס האָט זיך געווענדעט אין זייערע אָבשטימונג, אַרויס אָפען געגען אידישע מינדיסטע רעכט. ווי דער תנא זאָגט אין מסכת אבות פ"ב:

„הוו זהירים ברשות, שאין מקרבים לו לאדם אלא לצורך עצמם, נראים כאוהבים בשעת הנאתם ואין עומדים לו לאדם בשעת דחקו״, זײַט פאָרזיכטיג מיט די מענטשן לײַט געגען די געזעטצע װעלכע זײַ װײַזען זיך פרײַנדליך נאָר בשעת זײַערע נוצען און העלפען איהם ניט אין זײַן נױט. דאָס זעלבע קומען מיר אױך בעטען דעם רבש״ע ער זאָל צושטערען די עצות פון אונזערע פײַנד גלײַך פון אָנפאַנג, מיט די זעלבע צװײַ אופנים װי דוד המלך ע״ה האָט געבעטען. איין זאַך: ער זאָל זײַ געבען אַגעדאַנקען אַז זײַערע עצות זאָל זײַן געבױט אױף אַ שװאַכען באָדען אַז זײַ זאָלען קײַן קיום ניט האָבען, דען דער בוי״ת איז דאָך דער באַשעפער פון מענשען, געגען דעם רופען מיר איהם אָן „אבינו״. ער איז דאָך אבי המחשבות, װידער זאָל ער געבען אַשטאַרקען װידערשטאַנד מיט אַגעגען־עצה. געגען דעם רופען מיר איהם אָן „מלכנו״ אונזער קעניג „הפר עצת אויבינו״.

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ כַּלֵּה כָּל צַר וּמַשְׂטִין מֵעָלֵינוּ:

## אונזער פאָטער אונזער קעניג פאַרטיליג יעדען באַליידיגער און װאָס רעדט שלעכטעס אויף אונז.

אײַנער איז אַמאָל אַװעק געפאָרען אין אַ װײַטע װעג און האָט איבערגעלאָזען צו הױז אַפרױ מיט קינדער, דער פרױ האָט ער פאַרזאָגט אַז זי זאָל גוט אױף פאַסען די קינדער, זי זאָל אַלטונג געבען אױף זײַ זײַ זאָלען האָבען זײַער עסען אין דער צײַט און זײַער טרינקען אין דער צײַט, זײַ זאָלען געהן שײַן און װאַרעם געקלײַדעט. אױך זאָל זי אַלטונג געבען זײַ זאָלען גײַן אין אַגוטע װעג. די קינדער װידער האָט ער פאַר זאָגט אַז זײַ זאָלען עהרליך האַלטען דער מוטער און איהר געהאָרכזאַם זײַן, װען די פרױ איז מאַקע די מוטער פון די קינדער, אָדער אַפילו זי איז ניט די מוטער זײַערע נאָר זי איז אַשטיף מוטער, אָבער זי איז אַ אָרענטליכע פרױ, אַ גוט־הערציגע, אַגאָטעס פאָרכטיגע, האַלט זי אױך די שטיף קינדער ריכטיג װי איהרע אײַגענע קינדער, און פאַסט זײַ אױף אין אַלעס װי דער מאַן האָט איהר פאַרזאָגט, און אַמאָל אַז

עֶס טרעֶפֿט אַז זיי טוּעֶן עֶפּעֶס יאָ אַזאַךְ נִיט ווי עֶס גיהעֶר צוּ זײַן, פֿאַר ווארעֶנט זי זיי אַז זיי זאָלעֶן דאָס נאָךְ אַמאָל נִיט טאָן. אוּן ווען דעֶר מאַן קוּמט פֿוּן וועֶג אוּן וויל זיי באַשטראָפֿעֶן באַשיצט זי זיי אוּן איז אויף זיי מלמד זכות פֿאַרעֶן מאַן, אוּן דאַן האַלטעֶן אויךְ די קינדעֶר עֶהרליךְ דעֶר מוּטעֶר. אַמאָל אָבעֶר טרעֶפֿט אַז די שטיף מוּטעֶר איז אַ שלעֶכטעֶ, ווי דעֶר מאַן פֿאָרט נאָר אַוועֶק גיט זי די קינדעֶר נִיט עֶסעֶן, נִיט טרינקעֶן, אוּן קלײַדעֶט זיי נִיט, זיי גייעֶן אַרוּם פֿאַרהוּנגעֶרט, באָרוועֶס אוּן נאַקעֶט, אוּן זי גיט אויף זיי נִיט אַכטוּנג, אַז זיי זאָלעֶן גיין אין אַ גוּטעֶ וועֶג, אוּן דאַדוּרךְ ברײַנגט זי זיי, אַז זיי זאָלעֶן טאָן אוּמפּאַסעֶנדעֶ זאַכעֶן, אוּן די קינדעֶר שעֶצעֶן זי אויךְ נִיט, אוּן זיי זײַנעֶן איהר נִיט געֶהאָרכזאַם, אוּן זי גייט אַרוּם אוּן שרײַט פֿאַר די שכנים אַז די קינדעֶר זײַנעֶן שלעֶכטעֶ אוּן זיי גייעֶן אין אַ שלעֶכטעֶ וועֶג. ווען דעֶר פֿאָטעֶר איז געֶקוּמעֶן צוּ פֿאָרעֶן האָט עֶר זיךְ געֶנוּמעֶן נאָךְ פֿרעֶגעֶן בײַ די שכנים האָבעֶן זיי איהם דעֶרצײַלט אַלעֶס ווי זי האָט געֶפֿיהרט מיט די קינדעֶר, נאַכהעֶר ווען זי איז אַליין געֶקוּמעֶן זיךְ באַקלאָגעֶן פֿאַרעֶן מאַן אויף די קינדעֶר אַז זיי האָבעֶן נִיט געֶפֿאָלגט זײַן פֿאַרזאָג אוּן זיי האָבעֶן איהר גאָר נִיט געֶשעֶצט, איז דעֶר פֿאָטעֶר אויף איהר נאָךְ אין כעס געֶוואָרעֶן אוּן האָט איהר געֶמאַכט שטאַרקעֶ פֿאָרווירפֿעֶ וואָס זי האָט זיךְ אַזוי אויף געֶפֿיהרט מיט די קינדעֶר אוּן אַז זי מיט איהר פֿיהרוּנג האָט אַלעֶס געֶבראַכט דעֶרצוּ;

דאָס זעֶלבעֶ, הײַליגעֶ אידעֶן, איז מיט אוּנז אויךְ! אוּנזעֶר טאַטעֶ דעֶר רבש"ע האָט אוּנז אַוועֶק געֶוואָרפֿעֶן (הלך בדרך למרחוק) עֶר איז אַוועֶק אין אַ ווײַטעֶ וועֶג, עֶר האָט אוּנז פֿאַר טריבעֶן פֿוּן אוּנזעֶר לאַנד, עֶר האָט אוּנז איבעֶר געֶגעֶבעֶן צוּ אַ שטיף מוּטעֶר, אין אַפֿרעֶמדעֶ לאַנד. עֶר האָט איהר פֿאַר זאָגט אַז זי זאָל אויף אוּנז אַכטוּנג געֶבעֶן. ווי עֶס שטײַט אין פּסוּק: „ואף גם זאת בהיותם בארץ אויביהם לא מאסתים ולא געלתים לכלותם". אפילו ווען די אידעֶן וועֶלעֶן זײַן אין די לאַנד פֿוּן זײַעֶר פֿײַנד האָב איךְ זיי נִיט פֿאַראוּמווירדיגט אַז מ'זאָל זיי קאָנעֶן פֿאַר ניכטעֶן. אוּנז ווידעֶר האָט עֶר פֿאַרזאָגט אַז מיר זאָלעֶן איהר שעֶצעֶן, ווי דעֶר הײַליגעֶר נביא זאָגט (ירמי' כ"ט): „ודרשו את שלום העיר אשר הגליתי אתכם שמה והתפללו בעדה אל ה' כי בשלומה יהיה לכם שלום", איהר זאָלט די פֿריעד פֿאָדעֶרן פֿוּן דעֶר לאַנד וואָס איךְ האָב אײַךְ פֿאַרטריבעֶן דאָרט אוּן בעֶט פֿאַר איהר צוּ השי"ת, דעֶן ווען זי וועֶט זײַן אין פֿרידעֶן וועֶט

איך זיין גוט. עס איז טאקע דא אזעלכע מדינות וואס מ'האלט אונז גאר ניט פאר שטיף קינדער, די קעניגען זיינען מלכי חסד און זיי פאר־היטען דעם אידען פון שלעכטעס און מיר דארפען דער רעגירונג דאנקבאר זיין. ווען ניט די רעגירונג וואלט מען אונז לאנג פאר־ניכטעט, ווי דער תנא זאגט אין אבות: „הוי מתפלל בשלומה של מלכות שאלמלא מוראה איש את רעהו חיים בלעו". איהר זאלט בעטען השי"ת פאר די פריער פון די רעגירונג ווען ניט איהר אויף־פאסונג וואלט איין מענש דעם צווייטען לעבעדיגערהייד איינגעשלונגען. עס איז אבער פאראן אזעלכע מדינות, ניט דא געדאכט, וואס דער איד איז פאר האסט ביי זיי און זיי האלטען איהם טאקע פאר אשטיף קינד, פאר פרעמדע, חאטשי זיי צאלען אלע צינזען און אבצאלונגען גלייך מיט אלעמען פון דעסטוועגען יאגט מען דעם אידען, מ'שלאגט איהם, מ'פייניגט איהם, מ'טוט איהם אן יסורים און ענוים, מ'דריקט איהם מיט אלעס וואס מעגליך איז, און דאדורך ברייגגט מען איהם אפטמאל אז ער זאל טאקע טאן וואס ניט אנשטענדיג איז און נאכהער שרייט מען: „גוואלד, אידען זיינען פערברעכער"! מ'פארשטעלט זיי די וועגען פון פרנסה און מען שרייט אז זיי זיינען שולדיגע, אלזא בעטען מיר דעם רבש"ע: „אבינו" אלס ער איז אונזער פאטער „כלה כל צר". „מלכנו" אלס ער איז אונזער קעניג „ומשתין מעלינו" אז ער זאל ניט אנגעמען קיין שלעכטע רייד אויף אונז און ער זאל דן זיין אונז לכף זכות.

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ סְתוֹם פִּיּוֹת מַשְׂטִינֵנוּ וּמְקַטְרִיגֵנוּ:

## אונזער פאטער אונזער קעניג, פאר מאך די מיילער פון אונזערע אנקלאגער און פון אונזערע באליידיגער.

ביי די לעצמע צייט האט פאסירט דאס עס קומט איינער און רעדט אן איניגע מענשען צו א פערברעכען, און גיט זיי אליין אויף פערשיעדענע פארברעכערשע פלענער און ווען עס האלטען שוין די פלענער ביין אויסגעפיהרט ווערען דאן גייט דער זעלבער מענש וועלכער האט די פלענער זעלבסט אויף געגעבען, און וועלכער

האָט אַליין צו גערעדט צום גאַנצען פאַרברעכען און גיט די אַלע מענשען אַרויס דער כּאַכט און זיי ווערען גערעכענט אַלס געפּערליכע מענשען פאַר דער לאַנד, ווען די גאַנצע שולד אין דער ווירקליכקייט ליגט נור אויף דעם איין מענשען וועלכער האָט דאָס אַלעם אויף גע־געבען, און יענער מענש גייט אַרום פריי. ווען אָבער אַז עס קומט אין געריכט און די מענשען הויבען אָן בעטען די ריכטער אַז זיי זאָלען די זאַך גוט דורך שטודירען און וויזען אויף זייער אונשולדיגקייט, און די גאַנצע שולד ליגט נאָר אויף זייער באַשולדיגער, דאַן ווערט איהם דער מויל פאַרמאַכט און קאָן גאָר ניט ריידען און זיי ווערען אין גאַנצען באַפרייט.

בשעת עס ווערט פאַרפיהרט אַ משפט איז דאָ אַבעשולדיגער (קטיגור, פראָקוראָר) וואָס ער גיט אויף די פאָדערונגען פון שולד און איז מלמד חוב ביים געריכט, און נאַכהער ווען מען פאַרשולדיגט דעם מענשען איז דאָ אַרעגירונגס בעאַמטער וואָס ער פיהרט אויס דעם שטראָף, דאָס זעלבע איזנדאָ בדין של מעלה, נישט מעהר וואָס ביי מלכותא דארעא ליגט יעדער אַמט אויף איין אַנדערען און בדין של מעלה ליגט דאָס אַלץ אויף איינעם, די גמרא זאָגט אין ב"ב (דף ט"ז): „הוא השטן הוא היצ"ר הוא המלאך המות יורד ומתעה עולה ומרגיז נוטל רשות ונוטל נשמה". אַז דער שטן רעדט אָן דעם מענשען צו זינדיגען און נאַכהער איז ער מקטרג אויף איהם, און נאַכהער פיהרט ער אַליין אויס דעם פּסק אויפ׳ן באַשולדיגטען. דערויף בעטען מיר: „והכר שטן מלפנינו ומאחרינו". דו זאָלסט אָב טאָן דעם שטן פון פאַר אונז און פון הינטער אונז, דאָס מיינט מען פון פאַר אונז, ער זאָל אונז ניט אָן ריידען צו זינדיגען און פון הינטער אונז, ער זאָל אויף אונז ניט מקטרג זיין בשעת מען איז דן דעם מענשען פאַר די עברות וואָס ער האָט גיטאָן.

אויף אַ פאָטער ליגט אַ חוב ער זאָל אויף פּאַסען דעם קינד און אָבהיטען איהם פון טאָן שלעכטע מהאַטען, אויף דעם קעניג ליגט אַ חוב ער זאָל אַכטונג געבען אין דער מדינה אַז דער משפט זאָל זיך פיהרען ריכטיג, מען זאָל אומזיסט ניט פאַרשולדיגען קיין מענשען, דערום בעטען מיר דעם רבש"ע אַלעם „אָבינו" אונזער פאָטער „סתום פיות משטינינו". ער זאָל פאַרמאַכען די מיילער פון אונזערע אָנקלאָגער, ער זאָל אונז פאַרהיטען פון זיי מיר זאָלען ניט זיין פאַר פיהרט נאָך זיי וועלען זיי ניט האָבען וואָס אָן צו קלאָגען

אונז. און אלעס „מלכנו" וואָס עֶר איז אונזעֶר קעֶנ בעֶטעֶן מיר עֶר זאָל פארמאכעֶן דעֶם מויל פון אונזעֶרעֶ „מקטרגי" וואָס זיי זיינעֶן מקטרג אויף אונז ביין יום הדין ווייל דעֶר באשׂדיגעֶר זעֶלבסט האָט אונז אראָב געֶפירט פון וועג.

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ כַּלֵּה דֶּבֶר וְחֶרֶב וְרָעָב וּשְׁבִי וּמַשְׁחִית וְעָוֹן מִבְּנֵי בְרִיתֶךָ:

אונזעֶר פאָטעֶר אונזעֶר קעֶניג, וועֶנד אָב פּעֶסט און שׁווערד, הונגעֶר און געֶפאנגעֶנשאפט און פארדארבונג און זינד פון דיינע בונדעֶס קינדעֶר.

איינעֶר איז ארײַן צום צווייטעֶן אין הויז אין א רעֶגנעֶנדיגעֶן טאָג האָט עֶר געֶזעֶהן עֶס שטייט אָן געֶשטעֶלט פערשידעֶנעֶ כלים אלעֶ פול מיט וואסעֶר, גייעֶן אריבעֶר די ברעֶגעֶס און פאר גאָסעֶן אויף דעֶר עֶרד, די פאָדלאָגעֶ (פּאָל) איז צופּוילט פון די פיעל וואסעֶר וואָס עֶס גיסט זיך אויף איהר. עֶר טוט א קוק אין דעֶר הויך זעֶהט עֶר אז דעֶר באלקעֶן איז אויך גיפּוילט, ווייל די וואסעֶר גיסט אויף איהם פון דאך ביז עֶס האָט שוין גיכאפּט פוילעֶן, פאר שטייט עֶר דאך אז די אלעֶ כלים איז אוועֶק גישטעֶלט געֶוואָרעֶן עֶס זאָל דאָרטעֶן ארײַן גיסעֶן זיך די רעֶגעֶן וואסעֶר וואָס עֶס רינט ארײַן אין שטוב, זאָגט עֶר צו די שטוב מעֶנשעֶן: איך וועֶל אייך געֶבעֶן א עֵצה אז איהר זאָלט ניט דארפעֶן האָבעֶן אָט די אלעֶ כלים וואָס דאָ איז אָן געֶשטעֶלט געֶוואָרעֶן, און דעֶר באלקעֶן מיט דעֶר פאָדלאָגעֶ וועֶט אויך מעֶהר ניט פוילעֶן. וואָס איז דאָס דײַן עֵצה?—פרעֶגעֶן איהם די שטוב מעֶנשעֶן—עֶנטפעֶרט עֶר זיי: אָט איך וועֶל אייך ווייזעֶן, אז אָט די גאנצעֶ וואסעֶר וואָס עֶס רינט דאָ ארײַן אין שטוב קומט דאָס פון איין לאָך וואָס עֶס געֶפינט זיך אין דאך, ווייל עֶס פעֶלעֶן אפּאָר שינדלעֶן אָדעֶר דאכאָווקעֶס, זאָלט איהר נעֶמעֶן אפּאָר אנדעֶרעֶ שינדלעֶן אָדעֶר אפּאָר אנדעֶרעֶ דאכאָווקעֶס און פאר דעֶקעֶן די לאָך וואָס איז אין דאך וועֶט דעֶר רעֶגעֶן ניט גיסעֶן אין שטוב, אָט וועֶט איהר די גאנצעֶ כלים ניט דארפעֶן האָבעֶן.

דאָ זעהן מיר אַז ער רעכענט: „דבר, חרב, רעב", און ווייל דער שטייגער איז אָך צורעכענען די האַרבערע זאַך פריער, פאַרשטייען מיר אַז „דבר" איז האַרבער פאַר „חרב" און „חרב" איז האַרבער פאַר „רעב", ווי מיר געפינען אין פסוק שטייט: „התבוא לך שבע שנים רעב בארצך, אם שלשה חדשים נוסך לפני צריך והוא רודפיך ואם היות שלשה ימים דבר בארצך". דער נביא האָט געזאָגט צו דוד המלך ע"ה אין נאָמען פון השי"ת, ווען ער האָט געציילט די אידען געגען דעם ווילען פון השי"ת, ער זאָל זיך אויסקלייבען פאַר אַ שטראָף איינע פון די דריי זאַכען. אָדער עס זאָל זיין זיבען יאָהר הונגער אין זיין לאַנד, אָדער דריי חדשים אַנטלויפען פון פיינד און יענער זאָל איהם נאָך יאָגען, אָדער דריי טעג פעסט. פאַרשטייען מיר אַז די זאַך וואָס ער האָט אויף איהר געגעבען אַקלענערע צייט איז די זאַך אַשווערערע, איז פעסט שווערער פאַר אַלעס, נאָך דעם איז חרב, מלחמה. און נאָך דעם איז הונגער, קומט אויס אַז הונגער איז גרינגער פאַר אַלץ, דערום האָט מען געגעבען זיבען יאָהר צייט דערויף. קומט דאָך טאַקע אויס אַז ער רעכענט פריער די שווערערע און נאָכהער די גרינגערע. פרעג איך אָבער אַהאַרבע קשיא: טאָ פאַר וואָס זע רעכענט ער נאָך שפּעטער פאַר די אַלע זאַכען „ושבי" וואָס דאָס איז נאָך שווערער פאַר אַלעס. ווי די גמרא זאָגט אין ב"ב (דף ח' ע"ב): שבי קשה מכולן דכולהו איתנייהו ביה". געפיינגענעש איז שווערער פאַר אַלע זאַכען, ווייל איבער דעם געפאַנגענעם ערלויבט מען זיך אַלעס צו טאָן? (און דאָס וואָס די גמרא זאָגט דאָרטען אין ב"ב, אַז הונגער איז שווערער פאַר שווערד? פאַר-ענטפער איך דאַמיט: ווען מען זאָל קלערען אויף דעם איינצעלען מענשען וואָס ער שטאַרבט פון הונגער אָדער פון שווערד: וואָס איז שווערער? געוויס דאַרף מען ענטפערען אַז דורך הונגער איז שווערער צו שטאַרבען, ווי די גמרא זאָגט דאָרטען: „האי מצטער והאי אינו מצטער", דער וואָס שטאַרבט פון הונגער מאַטערט זיך לאַנג און פון שווערד מאַטערט מען זיך ניט לאַנג, אָבער בכלל פאַרשטייט מען אַז פון שווערד אין אַ מלחמה שטאַרבען מעהרער מענשען ווי פון הונגער ווי דער פסוק זאָגט: „כזה וכזה תאכל חרב".)

דערום מוז מען זאָגען אַז דאָס איז צוויי באַזונדערע ענינים. פריער רעכענט ער: „דבר, חרב ורעב" דאָס איז עניני הגוף און נאָך דעם רעכענט ער: „שבי ומשחית", מיינט ער דאַמיט די שעדליכקייט אין עניני הנפש, און ער רעכענט אויך די האַרבערע פריער. נאָר

וואָס רעכענט ער אָבער דאָ „עון", דאָס האָב דאָך נאָר ניט צו די פריוועדיגע זאַכען, רען די אלע זאַכען אין אלעם ענש וואָס דער מענש חערט באַשטראָפט פאַר דער עבירה און „עון" איז דאָך די עבירה אַליין?

נאָר הערט זיך צו הײליגע אידען! אָט דאָס איז וואָס איך האָב פריער אייך דערצײלט וואָס עס האָט פאַסירט מיט יענעם בעה"ב מיט די כלים, וואָס די אלע כלים זײנען פאַרפולט געוואָרען מיט וואַסער נאָר א דאַנק די איין לאָך וואָס עס איז געוועזען אין דאַך. און אַז מען וועט פאַרשטעלען די לאָך וועט מען ניט דאַרפען האָבען די כלים, דאָס זעלבע איז מיט אונז, אָט דאָס אַלעס וואָס מיר רעכענט דאָ „דבר, חרב ורעב, שבי ומשחית". דאָס אַלץ קומט פון איין לאָך וואָס עס איז דאָ אין דאַך, די לאָך איז דער „עון", אָט פון דעם עון, הײליגע ברידער, קומט ר"ל: א' דבר אי חרב אי רעב אַלעס אַלעס קומט נאָר פון די איין לאָך. אלזאָ, הײליגע אידען, דאַרפען מיר די לאָך פאַרדעקען. מיר דאַרפען תשובה טאָן אויף דעם עון, מיר דאַרפען חרטה האָבען אויף אונזערע זינד וואָס מיר האָבען געטאָן וועט אויף אונז קײנע שלעכטעס ניט קומען.

און ווייל עס רעדט זיך דאָ פון צוויי ענינים פון גשמיות און פון רוחניות און מיר בעטען דאָ אויף די בײדע, זײנען מיר כולל אין אונזער תפלה: „אבינו מלכנו כלה דבר וחרב ורעב" (דאָס עניני גשמיות) ושבי ומשחית (דאָס איז עניני רוחניות) ועון (דאָס וואָס ברײנגט אלעס מיט) מבני בריתך".

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ מְנַע מַגֵּפָה מִנַּחֲלָתֶךָ:

## אונזער פאָטער אונזער קעניג, פאַרמייד פלאָגען פון דיין פאָלק

אגרויסע שיף, בעלאָדען מיט א גרויסען פאַרמעגענס סחורה און איבערפולט מיט טויזענדער מענשען, אָרעמע און רײכע און גאַנץ רײכע, איז אַרויס געגאַנגען אין ים פון איראָפּאַ צו גיין נאָך אַמעריקאַ, אין נויאָרק בײן פאָרט ערוואַרטעט מען אַז די שיף זאָל קומען גליקליך, דאָ ערוואַרטעט אַפּרוי איהר מאַן און דער ערוואַרטעט זײנעם אַברודער דער זײנעם א פרײנד און דער זײנעם א גוטען פרײנד, און דער ערוואַרטעט זײנע סחורה זאָל אָנקומען.

מען ערוואַרטעט איהר יעדערער מיט אומגעדולד, די שיף איז אָבער צום גרויס באַדויערען ניטאָ, פלוצלונג דערוויסט מען זיך אַז מיט דער שיף האָט אַגרויסער אומגליק געטראָפען, זי האָט זיך אָב געקלאַפּט אָן אַ צווייטע שיף וואָס איז איהר אָן געקומען אַנטקעגען, די שיף איז אונטערגעגאַנגען מיט'ן גרויסען פאַרמעגען וואָס עס האָט זיך אויף איהר געפונען, און פיעל מענשען האָבען זייער קבר אין טיפען ים געפונען. די רעגירונג האָט אָנגעפאַנגען זוכען מיטלען עס זאָל נאָך אַ מאָל אַזוינס ניט פאַרקומען, מען זאָל קאָנען אויף פאַסען די שיפען זיי זאָלען ניט אָן קלאַפען איינע אָן די צווייטע און יעדע זאָל זיך קאָנען גיין זיכער איהר וועג אום געשטערט.

דער אונטערשייד פון דבר ומגפה איז: „דבר" איז אַפּעסט, דאָס איז אַזאַ מין מחלה ר"ל וואָס פאַרניכטעט דעם מענשענס לעבען, „נגף" איז אַפּלאָג וואָס איין זאַך קלאַפּט זיך אָן די אַנדערע זאַך, אַזוי ווי מיר געפינען אין פסוק שטייט: „כי יגוף שור איש את שור רעהו". איין מענשענס אָקס זעט שטויסען דעם אָקס פון צווייטען מענשען. „ונגפו אשה הרה", זיי וועלען צוקלאַפּען אַ שוואַנגערע פרוי: „ונגפו לפני אויביהם" זיי וועלען געפּלאָגט ווערען פאַר זייערע פיינד. דערום ביי דבר שטייט „כלה דבר" דו זאָלסט דעם פעסט פאַרניכטען ער זאָל זיך במציאות ניט געפינען און ביי מגפה שטייט „מנע מגפה" פאַרמייד די פּלאָגען, ד"ה די זאַך אָן וואָס עס ווערט אָנגעקלאַפּט, דאַרף זיין נאָר מ'דאַרף בעוואָרענען אַז עס זאָל זיך איין זאַך אָן דער צווייטער ניט אָנקלאַפּען, און אויף דעם זוכט די רעגי־רונג מיטלען. מיר געפינען אָבער איך מגפה וואָס עס קומט פון די הענד פון בוי"ת אַליין. „ויגוף ה'" גאָט האָט גיפּלאָגט. „מגפה גדולה היתה בעם", אַ גרויסער פּלאָג איז געווען אין דאָס פאָלק. אַלזאָ ווען מיר בעטען „מנע מגפה" בעטין מיר אין ביידע פאַלען. איינס, אַז דער בוי"ת אַליין זאָל אונז ניט פּלאָגען. אויף דעם פּאַסט צו בעטען מיט דעם לשון „אבינו", אונזער פאָטער. און צווייטענס ער זאָל ניט דערלאָזען אַז אַ צווייטער זאָל אונז פּלאָגען, דערויף פּאַסט צו בעטען מיט'ן לשון „מלכנו", אונזער קעניג, ווייל דאָס איז אָנגעבלאַנגט אָן דער רעגירונג. „מנע מגפה מנחלתך".

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ סְלַח וּמְחַל לְכָל עֲוֹנוֹתֵינוּ:

## אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנְזֶער קֶענִיג, פַארְגִיב אוּן פַארְצַייהֶע אַלֶע אוּנְזֶערֶע זִינְד.

אַפָּאטֶער האָט געשִׁיקט ווינטער צייט זיינעם אַ קִינד אין חדר לערנען, און ער האָט איהם פארזאָגט ער זאָל זיך ניט גיין גליטשען אויפ'ן אייז. דער קינד האָט אָבער ניט געפאָלגט דעם פאָטערס פארזאָג און איז געגאַנגען זיך גליטשען און איז טאַקע געפאַלען און האָט זיך צושעדיגט, צוואונדעט. ער קומט ווי עס איז אַ היים, ער מאַטערט זיך צו בעהאַלטען פון פאָטער זיינע ווייטאָגען, ער האָט מורא צו בעטען דעם טאַטען ער זאָל רופען אַ דאָקטאָר איהם היילען, וויַיל ער ווייס דאָך אַז ער האָט געזינדיגט געגען טאַטען און ער האָט עובר געווען אויף זיין פארזאָג, וועט ער דאָך איהם איצט ענטפערן: איך האָב דאָך דיר פארזאָגט, אַז דו זאָלסט ניט גיין זיך גליטשען. ווי איז אָבער אַז דעם קינד הויבט אָן שטארק צו וויי טאָן, עס איז איהם שוין שווער צו פארטראָגען דעם ווייטאָג, איז ער זיך מיישב און קומט צום פאָטער און הויבט איהם אָן בעטען: ליבער פאָטער! איך האָב געזינדיגט קעגען דיר, איך האָב ניט געפאָלגט דיין פארזאָג, איך בין געגאַנגען זיך גליטשען, היינט פערצייהע מיר. דער פאָטער האָט שוין פארשטאַנען זיין צרה. נו—זאָגט ער— זאָג מיר שוין וואָס האָסטו זיך שוין אָנגעמאַכט מיט דיין גליטשען זיך? דו האָסט זיך שוין געוויס צוקאַליעצעט צוואונדעט, זאָג שוין. דער קינד ווייזט איהם זיינע וואונדען. דער פאָטער האָט אויף דעם קינד רחמנות געהאַט ער איז דאָך אַ טאַטע — און האָט געשיקט נאָך אַ דאָקטאָר און ער האָט איהם די וואונדען געהיילט. דאָס איז אָבער געוועזט אַז די וואונדען זיינען ניט קיין געפעהרליכע. ווי איז אָבער אַז די וואונדען זיינען זייער געפעהרליכע און דער קינד האָט זיך גוט צושעדיגט אַז ער קאָן זיך ניט אויפהויבען פון אָרט, דאַן קוקט ער שוין ניט וואָס דער פאָטער וועט אויף איהם שרייען, און הויבט באַלד אָן בעטען דעם פאָטער אַז ער זאָל שיקען נאָך אַ דאָקטאָר, שפעטער אַז ער וועט זיך אַביסל בערוהיגען פון די ווייטאָגען וועט ער בעטען דעם פאָטער פערצייהונג.

דאָסזעלבע איז מיט אונז, הייליגע אידען! די ראשונים קלערען

וואָס איז אַן׳עבירה, אויב דאָס איז ריכטיג ווי אַ קעניג גיט אַרויס אַ באַפעל מוז מען איהם פאָלגען און ווען מ׳פאָלגט איהם ניט בע־שטראָפט ער, אָבער דער ניט פאָלגען אַליין קאָן דעם מענשען גאָר ניט שאַדען. אָדער דאָס איז ריכטיג ווי אַ דאָקטאָר פאַרזאָגט אַ קראַנקען אַז ער זאָל ניט עסען אַ זאַך וואָס עס איז פאַר איהם שעד־ליך און ווען ער עסט דאָס מאַכט איהם דער עסען זעלבסט דעם שאָדען. זאָגט דער דובנער מגיד ז״ל, אַז עס איז ביידע זאַכען ריכטיג. די עבירה איז טאַקע אַ מין גיפט, אַ שעדליכע זאַך פאַר׳ן נפש פון מענשען, און דערום האָט דער בוי״ת פאַרזאָגט אַז מ׳זאָל דאָס ניט טאָן, אָבער ווען דער בוי״ת האָט שוין יאָ פאַרזאָגט אַז מ׳זאָל ניט טאָן און מ׳טוט דאָס, איז דאָס אַ בעזונדער פערברעכען וואָס מ׳פאָלגט איהם ניט און מ׳ווערט דערפאַר בעשטראָפט.

„סליחה״ רופט זיך וואָס מ׳בעט דעם בוי״ת ער זאָל אונז היי־לען די פעלערן וואָס מיר האָבען געמאַכט מיט אונזערע זינד. „מחילה״ הייסט וואָס מיר בעטען פאַרציַהונג פון בוי״ת וואָס מיר האָבען איהם ניט געפאָלגט. וואָלט מען איינגענטליך געדאַרפט בעטען פרי־הער מחילה און נאַכהער סליחה, ריכטיג ווי דער קינד וואָס האָט זיך פערוואונדעט גליצענדיג זיך, מיר האָבען אָבער פריהער ער־קלערט אַז דאָס איז נאָר גירעט ווען די וואונדען זיינען ניט קיין גע־פעהרליכע, אָבער ווען די וואונדען זיינען שטאַרק געפעהרליכע דאַן בעט דער קינד דעם טאַטען פריהער אַז ער זאָל איהם רופען אַ דאָקטאָר און נאַכהער בעט ער פערציַהונג. דאָס זעלבע איז מיט אונז, הייליגע אידען! מיר האָבען זיך אַזוי פיעל און אַזוי שטאַרק צוקלאַפּט מיט אונזערע זינד קענען אונזער באַשעפער אַז מיר קאָנען זיך וואַגען פריהער צו בעטען „סלח״, אַז ער זאָל אונז היילען די וואונ־דען פון די עבירות. מיר האָבען אַזוי פיעל געזינדיגט אַז („אין בנו מתום״) עס איז ניטאָ אין אונז קיין גאַנצער גליד („פצע וחבורה ומכה טריה״) וואונדען אויף וואונדען און ביילען אויף ביילען. דערום בעטען מיר פריהער „סלח״ היילונג און דערנאָך „מחל״ פערציַהונג, וויַל ער איז „אבינו״ אונזער פאָטער בעטען מיר „סלח״ היילונג. ווי מיר זאָגען אין שמ״ע „סלח לנו אבינו״. און וויַל ער איז „מלכנו״ אונזער קעניג בעטען מיר „מחל״ פארציַהונג, ווי מיר זאָגען אין שמ״ע „מחל לנו מלכנו״, פאַרציַהע אונז אונזער קעניג.

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ מְחֵה וְהַעֲבֵר פְּשָׁעֵינוּ וְחַטֹּאתֵינוּ מִנֶּגֶד עֵינֶיךָ׃

## אוּנְזֶער פָּאטֶער אוּנְזֶער קֶענִיג, מֶעק אָב אוּן בֶּעזַייטִיג אוּנְזֶערֶע פֶערְבְּרֶעכֶען אוּן אוּנְזֶערֶע זִינְד פוּן דַיינֶע אוֹיגֶען.

אַ פָֿאטֶער האָט געהאַט אַ קִינד זעהר אַ ווִילדעָן, זעהר אַ צוּלאָזענעָם, דעָר פָֿאטעָר פלעָגט אִיהם אָבעָר שטאַרק בעָשטראָפֿעָן פֿאַר יעָדעָר קלײַנעָם פֿעָרברעָך וואָס עָר האָט געָטאָן. אֵיין מאָל האָט דעֶר קִינד געֶטאָן זײַעָר אַ גרוֹיסעָן פֿאַרברעָך קעָגעָן פֿאָטעָר אוּן אִיהם האָט געָדראָהט דעָרפֿאַר זײַעָר אַ גרוֹיסעֶר שטראָף. דעָר קִינד האָט געֶדײַנקט אַז ווִיבאַלד אַז אוֹיף יעֶדעָר קלײַנעָם פֿעָרברעָך פֿלעָגט אִיהם דעָר פֿאָטעָר בעָשטראָפֿעָן, הײַנט אַז עָר האָט געָטאָן אַ גרוֹיסעָן פֿעָרברעָך וועָט עָר אִיהם געָווִיס שטאַרק בעָשטראָפֿעָן. דעֶר פֿאָטעָר האָט אָבעָר גאַנץ אַנדעָרש גִירעָכֿעָנט. אמת טאַקעָ אַז אוֹיף קלײַנעָ פֿעָרברעָכֿעָן פלעָגט עָר אִיהם יאָ בעָשטראָפֿעָן, דאָס אִיז געָווען כדי עָר זאָל זִיך ווײַטעָר פֿעָרבעֶסעָרעָן, אָבעָר אוֹיף אַ גרוֹיסעָן פֿעָרברעָך אוֹיב עָר וועָט אִיהם בעָשטראָפֿעָן נאָך זײַן פֿעֶרברעָכֿעָן נאָך קוּמט דאָך אִיהם טוֹיט־שטראָף, וועָט דאָך דאָס קײַן נוּצעָן נִיט ברײַנגעָן אוּן עָר האָט דאָס דוּרכֿגעָלאָזעָן. ווִי עָס שטײַט אִין פסוק (משלי י״ט): „יסר בנך כי יש תקוה ואל המיתו אל תשא נפשך“. שטראָף דײַן קִינד, דעָן דוּ האָסט אַ האָפֿעָנוּנג אַז עָר וועֶט זִיך פֿאַרבעָסעָרן אָבעָר צוּ טוֹיטעָן אִיהם זאָלסטוּ זִיך נִיט בעָוויעָגעֶן. אוּן אַזוֹי ווִי מִיר געָפֿינעָן בײַ דוד המלך ע״ה ווען זײַן זוּן אבשלום האָט אִין אִיהם מוֹרד געָוועָן אוּן עָר אִיז אַרוֹיסגעָגאַנגעָן מלחמה האַלטעָן מִיט אִיהם האָט עָר פֿאַרזאָגט זײַנעָ שרי הצבא: „לאט לנער לאבשלום“. מ׳זאָל זײַן פֿאָרזִיכֿטִיג מִיט׳ן יוּנג מִיט אבשלום׳ן, — נאָכֿהעָר ווִי דעָר זוּן אִיז גרוֹיס געָוואָרעָן אִיז עָר אָנגִיקוּמעָן צוּ דִיעָנעָן פֿאַר אַ זעָלנעָר. האָט געָטראָפֿעָן פֿיעל מאָל עָר האָט געָטאָן קלײַנעָ פֿעֶרברעָכֿעָן וואָס דעָר פֿאָטעָר זײַנעָר פלעָגט אִיהם דעָרפֿאַר בעָשטראָפֿעָן, אוּן זײַנעָ בעָאַמטעָ האָבעָן נִיט געָלײַגט קײַן ווערט דעָרוֹיף, זײַ האָבעָן זִיך געָמאַכֿט נִיט זעָהעָנדִיג. נאָכֿהעָר האָט פּאַסִירט אַז עָר האָט אוֹיך געָטאָן אַ גרוֹיסעָן פֿעָרברעָך קעָגעָן קעָנִיג, דאָ האָט עָר געָרעָכֿעָנט

וועט מען איהם געווים בעפרייען, דען ער האט זיך אזוי געטראכט: אז ווען דער קעניג האט מיך בעפרייט פאר די קליינע פערברעכען וואס דער פאטער פלעגט מיך בעשטראפען, וועט ער דאך מיך געווים בעפרייען פאר דעם גרויסען פארברעכען וואס דער פאטער האט מיר אויך בעפרייט. אבער דא האט ער ווידער א טעות געהאט. דען דער פאטער דארף אכטונג געבען און בעטראכטען יעדער קליי־ניגקייט וואס א קינד טוט, ווי שלמה המלך ע"ה האט געזאגט: „חנוך לנער על פי דרכו", געוויין דעם קינד פון יוגענד, „חושך שבטו שונא בנו", דער וואס פערמיידעט צו בעשטראפען זיין קינד האט ער איהם פיינד. אבער ווען ער טוט א גרויסען פארברעך און ער וועט איהם בעשטראפען פארליהרט ער דאך אינגאנצען זיין האפנונג, דאן לאזט דאס דער פאטער דורך, אבער דער קעניג קאן זיך ניט ארומ־קוקען אויף יעדער קלייניגקייט וואס דער זעלנער טוט. אבער ווען ער טהוט א גרויסען פערברעך דאן בעשטראפט ער אן רחמנות.

הייגט דארפען מיר בעטראכטען. דאס וואס מיר בעטען: „מחה והעבר פשעינו וחטאתינו מנגד עיניך", אז דער בוי"ת זאל אבמעקען און בעזייטיגען אונזערע פערברעכען און אונזערע זינד. ווי באלד אז ער וועט די זינד אבמעקען צו וואס דארף ער זיי בעזייטיגען. נאר דא ווערט גירעט פון צוויי בעזונדערע עבירות: פון גרויסע פערברע־כען און פון קליינע עבירות. מיר וויסען גאנץ גוט, הייליגע ברי־דער! אז מיר האבען פיעל פערבראכען קעגען דעם בוי"ת סיי אין גרינגע עבירות סיי אין שווערע זינד. און מיר קומען איצט בעטען דעם בזוי"ת אויף ביידעס. אויף די שווערע עבירות בעטען מיר איהם אז ער זאל אונז מוחל זיין ווייל ער איז אונזער פאטער, דען דאס איז דאך דער שטייגער אז א פאטער איז מוחל א שווערע זינד. און אויף די גרינגע עבירות בעטען מיר איהם ער זאל ניט לייגען קיין אכט אויף זיי ווייל ער איז אונזער קעניג, דען אזוי איז דער שטיי־גער פון א קעניג. און דאס זאגען מיר אין אונזער תפלה: „אבינו מלכנו", ווייל דו ביסט „אבינו" אונזער פאטער, „מחה פשעינו" מעק אב אונזערע שטארקע זינד, און ווייל דו ביסט „מלכנו" אונזער קע־ניג: „העבר חטאתינו מנגד עיניך", זאלסטו פארביילאזען אונזערע קליינע זינד פארביי דיינע אויגען דו זאלסט זיך מאכען ווי ניט זעהענדיג.

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ מְחוֹק בְּרַחֲמֶיךָ הָרַבִּים כָּל שִׁטְרֵי חוֹבוֹתֵינוּ:

## אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנְזֶער קֶענִיג, מֶעק אָב מִיט דַיין פִיעל דֶערְבַּארְ־ רֶעמְקַייט אַלֶע וֶועקְסֶלֶען פוּן אוּנְזֶערֶע שׁוּלְדֶען.

אַ גרויסֶער סוחר וועלכֶער האָט געהאַנדעלט זייער גרויס און האָט גרויסע קאָנטעס געהאַט, איז מִיט אַמאָל געוואָרען געפאַלען. דער סוחר האָט זִיךְ אַבִּיסל פאַרטאָן אִין לעבען אַ גוטען טאָג, ער האָט נִיט געקוקט אויף זיין געשעפט, ער האָט אִיהם פערנאַכלעסִיגט, דִי געשעפטען האָבען אָנגעהויבען גיין שלעכט, ער אִיז גענאַנגען אַרונטער און אַרונטער בִּיז ער האָט געמאַכט אַ באַנקראָט, ער האָט אויפגעהערט צו צאָלען זיינע הובות. דִי בעלי־חובות זיינען געקומען און מ'האָט אָנגעהויבען מאָנען, מ'האָט געוואָלט מאַכען אַ אויספער־ קויף אויף זיין ווִירטשאַפט. האָט דער סוחר אָנגעהויבען בעטען דִי בעלי חובות: וואָס וועט אִיהר קאָנען מאַכען מִיט מיין בִּיסל ווִירט־ שאַפט ווען אִיהר וועט דאָס פערקויפען? וויפִיעל וועט אַייךְ אָנקומען יעדערען אויף זיין חלק? אָט לאָמִיר אָנהויבען האַנדלען ווייטער, אִיךְ וועל שוין זעהן אויפפאַסען דעם געשעפט בעסער וועט אִיהר אָן מִיר פערדִינען מער וויפִיעל אִיהר וועט בעקומען פאַר מיין בִּיסל ווִירטשאַפט. דִי סוחרים האָבען זִיךְ געלאָזט אָנרייִדען, ער האָט זיי אַרויסגעגעבען וועקסלען אויף דִי אַלטע חובות און זיי האָבען אִיהם נעגעבען פרִישע קאָנטעס. ער האָט אָנגעפאַנגען ווייטער האַנדלען און האָט אַבִּיסעל פאַרדִינט, דִי פרִישע קאָנטעס געצאָהלט בִּיסלעכווייז, אָבער דִי אַלטע האָט ער נִיט געקאָנט צאָלען, דען אויף אַזוי פִיעל האָט דער געשעפט נִיט געטראָגען. אַ מאָל קומט ער צו דִי סוחרים און הויבט זיי אָן בעטען אַז זיי זאָלען צוררייסען דִי וועקסלען פון דִי אַלטע חובות. פרעגען זיי אִיהם: ווִי אַזוי קאָנסטו דאָס בעטען אַזאַ זאַךְ ווען דו האָסט דאָךְ אונז דִי געלט נִיט בעצאָלט? ענטפערט ער זיי: אִיהר זעהט דאָךְ אַליין אַז קוים וואָס אִיךְ קאָן דִי פרִישע חובות צאָלען אִיז דאָךְ שוין פון צאָלען, דִי אַלטע אָבגערעט, דאָס אִיז אַ זאַךְ וואָס עס אִיז נִיט מעגלִיךְ, אִיז ווִיבאַלד אַז צאָלען קאָן אִיךְ נִיט טאָ וואָס נוצט אַייךְ וואָס אִיהר האַלט אויף מִיר וועקסלען? אִיז גלייכער אִיהר זאָלט זיי צוררייסען.

דאָס זעלבע איז מיט אונז היַינטיגע אידען ! מיר האָבען אויף זיך צווייערליי חובות . מיר האָבען פרישע חובות און אלטע חובות. די אַלטע חובות רופט זיך : „חובות בשטר", אויף וועקסלען . וויַל א שטר ווערט געשריבען צו האַלטען אַ לאַנגע צייט . די אלטע חובות ווערען גערופען אַזעלכע חובות וואָס מיר האָבען שוין ניט בכח צו צאָלען . די גמרא זאָגט, אז די ריכטיגע תשובה פון א מענשען איז אז ער טוט תשובה אין דעם אייגענעם אינהאַלט וואָס ער האָט געזינדיגט . „באותה אשה ובאותו פרק ובאותו מקום". אָבער אז דאָס פעלט איז שוין זיַין תשובה ניט קיין ריכטיגע . דאָס זעלבע דאַרף ער זיַין ביַי די אייגענע קרעפטען ווי ער איז געווען בעת ער האָט געטאָן די עבירה, ווי די גמרא זאָגט אין ע"ז (דף י"ט): „אשרי איש , אשרי מי שהוא עושה תשובה כשהוא איש".וואויל איז דעם מענשען וואָס ער טוט תשובה ווען ער איז נאָך אַ מענש, ד"ה ווען ער האָט נאָך די קרעפטען צו זינדיגען און דאַן טוט ער תשובה דאָס איז א ריכטיגע תשובה, אָבער דער מענש וואָס ווען ער האָט נאָר געקאָנט זינדיגען האָט ער זיך אָנגעזינדיגט נעָנוג און ער קומט תשובה טאָן ווען ער האָט שוין ניט קיין כח צו זינדיגען דאָס איז שוין ניט קיין גוטע תשובה . דאָס ווערט אָנגערופען אַ חוב בשטר, אויף א וועק- סיל . נאָר דער בוי"ת איז דאָך אַ בעל רחמים בענוגענט ער זיך מיט אזאַ תשובה אויך . ווי די גמרא זאָגט : „תשב אנוש עד דכה עד דכדוכה של נפש". דו נעמסט אָן די תשובה פון דעם מענשען ווען ער טוט איהר אַפילו ווען ער האַלט שוין ביַים שטאַרבען . אָבער דאָס איז נאָר וויַל דער בוי"ת איז אַ גרויסער בעל רחמים . דערויף בעטען מיר : „מחוק ברחמיך הרבים כל שטרי חובותינו", דו זאָלסט אָבמעקען די אַלטע חובות אונזערע וואָס מיר זיַינען שוין ניט אין שטאַנד צו צאָלען . און די חובות וואָס מיר קאָנען צאָלען היַיסען חובות בעל פה, אויסוויַיניגסטע חובות, וויַיל זיי זיַינען פרישע חובות, וואָס עס איז נאָך ניט איבערגעגאַנגען די צייט פון תשובה .

די חובות וואָס מיר זיַינען שולדיג זיַינען צוויַיערליי . איינס וואָס מיר זיַינען שולדיג קענען בוי"ת אליין . און ווידער וואָס מ'איז שולדיג קענען די וועלט . ווי דער תנא זאָגט אין אבות : „להפרע מן הרשעים שמאבדים את העולם שנברא בעשרה מאמרות" דער בוי"ת נעמט ניצאָלט פון די רשעים וואָס זיי פאַרדאַרבען די וועלט וואָס זי איז בעשאַפען געוואָרען דורך צעהן זאָג . „עשה מצוה אחת

אשרו שהכריע עת עצמו ואת כל העולם כלו לכף זכות עבר עברה אחת אוי לו שהכריע את עצמו ואת כל העולם כלו לכף חוב". ווען א מענש טוט איין מצוה האט ער זיך מיט די גאנצע וועלט איבער־געוואויגען צו די שאל פון גערעכטיגקייט, האט ער געטאן איין עברה האט ער זיך מיט די גאנצע וועלט איבערגעוואויגען צו שאל פון אונ־גערעכטיגקייט. און ווען מיר בעטען ביין בוי"ת ער זאל אונז שיינקען די אלטע חובות און צוריסען די וועקסלען בעטען מיר סאי די חובות וואס אנבעלאנגט נאר צו איהם, דערויף רופען מיר איהם אן „אבינו", אונזער פאטער, און מיר בעטען אויך אויף די חובות וואס באלאנגט אן אן דער וועלט, דערויף רופען מיר איהם אן „מלכנו" אונזער קעניג. „מחוק ברחמיך הרבים כל שטרי חובותינו" מעק אב מיט דיין פיעל דערבארימהארציגקייט אללע וועקסלען פון אונזערע שולדען, סיי די אייגענע סיי די וועלטליכע. ער זאל זיי געבען א הארץ אז זיי זאלען אונז מוחל זיין, ווי דער תנא ר' אליעזר בן עזרי' זאגט: „אשריכם ישראל לפני מי אתם מטהרים ומי מטהר אתכם אביכם שבשמים". וואויל איז אייך אידען פאר וועמען רייניגט איהר זיך און ווער רייניגט אייך אייער פאטער פון הימל, און ער קאן דאך געבען א הארץ אז מ'זאל מוחל זיין איינע די אנדערע.

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ הַחֲזִירֵנוּ בִּתְשׁוּבָה שְׁלֵמָה לְפָנֶיךָ:

אוּנְזֶער פָּאטֶער אוּנְזֶער קֶענִיג, קֶער אוּנְז אוּם מִיט א גַאנְצֶע תְּשׁוּבָה פַאר דִיר.

איינער האט געליהען ביי א צווייטען מענשען א כלי צו שעפען וואסער פון ברונעם. שעפענדיג איז די כלי אריינגעפאלען אין ברו־נעם. עס איז אוועק א צייט און יענער האט איהם די כלי ניט אב־געבראכט צוריק, האט דער גענומען שטארק מאנען ביי איהם ער זאל איהם אבגעבען די כלי וואס ער האט ביי איהם געליהען. יענער האט גענומען זוכען און מיט אינסטרומענטען האט ער די כלי ארויס־גענומען פון ברונעם, די כלי איז שוין אבער געוועזען פערזונקען אין ליים און מיט די לאנגע צייט וואס זי איז געלעגען איז זי פארדאר־

בען געוואָרען . האָט דער בעה"ב פון איהר ניט געוואָלט זי צו נע־
מען . און טענה'ת צו אידם : איך האָב דאָך דיר געגעבען אַ גאַנצע
כלי ניט קיין פאַרדאָרבענע, ווען דו וואָלסט זי אַרויסגענומען באַלד
ווי זי איז אַריינגעפאַלען וואָלט זי ניט פאַרדאָרבען געוואָרען און דו
וואָלסט זי אַרויסגענומען אַ גאַנצע ווי פריער, אָבער אַז דו האָסט זי
געלאָזט לאַנג ליגען איז זי געוואָרען פערפוילט, פערדאָרבען און
צובראָכען . דאָס זעלבע איז מיט אונז הייליגע אידען ! השי"ת האָט
אונז געגעבען אַ נשמה אַ גאַנצע, אַ ריינע און האָט אונז אָנגעזאָגט
אַז מיר זאָלען איהם צוריק אָבגעבען אַ גאַנצע און אַ ריינע ווי ער
האָט זי אונז געגעבען . אָבער מיר האָבען זי געלאָזט פאַרזינקען אין
ליים און אין בלאָטע און דאַדורך איז זי פאַרדאָרבען געוואָרען, זי
איז געוואָרען שמוציג און צובראָכען . ווען מיר וואָלטען זי אַרויסגע־
נומען פון די שמוץ גלייך ווי זי איז אַריינגעפאַלען וואָלטען מיר זי
אַרויסגענומען אַ גאַנצע אַ ריינע, אָבער אַז מיר האָבען זי גלייך ניט
אַרויסגענומען און מיר האָבען זי געלאָזט אַזוי לאַנג וואַלגערען זיך
אין שמוץ איז זי געוואָרען צושטערט, פאַרדאָרבען . דערום בעטען
מיר : „החזירנו בתשובה שלמה לפניך" דו זאָלסט אונז אומקערען מיט
אַ גאַנצע תשובה פאַר דיר .

יעדער מענש פון דער וועלט איז גערעכענט פאַר אַ רינג פון
דער גרויסער קייט . דען אַלע מענשען דאַרפען זיין געשלאָסען צוזאַ־
מען ווי אַ קייט, און יעדער מענש איז ריכטיג ווי איין איינציגער
רינג פון דער גרויסער קייט . — דער רינג וואָס ווערט געשלאָסען
צו דער קייט מוז זיין גאַנץ פאַר זיך און אָנגיהעפט אָן דער קייט,
אָבער אַז ער איז פאַר זיך ניט גאַנץ קאָן ער ניט זיין געשלאָסען צו
דער קייט . אַז מיר בעטען דעם בוי"ת ער זאָל אונז אומקערען מיט
אַ גאַנצע תשובה, בעטען מיר סיי יעדער מענש פאַר זיך, דערויף
רופען מיר אָן דעם בוי"ת „אבינו" אונזער פאָטער . און סיי יעדערער
זאָל זיין גאַנץ צום שלום פון דער וועלט, דערום רופען מיר אָן
דעם בוי"ת „מלכנו", אונזער קעניג . „החזירנו בתשובה שלמה לפניך"
קער אונז אום מיט אַ גאַנצע תשובה פאַר דיר .

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ שְׁלַח רְפוּאָה שְׁלֵמָה לְחוֹלֵי עַמֶּךָ:

## אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנְזֶער קֶעניג, שִׁיק אַ גַאנְצֶע רְפוּאָה צוּ דִי קְרַאנְקֶע פוּן דַיין פָאלְק.

אֵיינֶער אַ קראַנקֶער פֿוּן אַ קלײַנֶע שטעטִיל אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אַ גרוֹיסֶען פּראָפֶֿעסֶער אִין אַ גרוֹיסֶע שטאָדט צוּ קוּרִירֶען זִיךְ. דֶער פּראָפֶֿעסאָר האָט אָבֶער דֶערקאָנט, אַז דאָס אִיז אַ אָנשטֶעקֶענדֶע קראַנקהײַט און דֶער מֶענש אִיז אָנגִישטֶעקט גֶעוואָרֶען מִיט דִי קראַנקהײַט פֿוּן אַנדֶערֶע קראַנקֶע, ווײַל אִין דֶער שטֶעדטִיל זײַנֶען גֶעווֶען פִֿיעל קראַנקֶע וואָס זֵיי זײַנֶען קראַנק גֶעווֶען אוֹיף דֶערזֶעלבֶער קרײַנק. זאָגט דֶער פּראָפֶֿעסאָר צוּם קראַנקֶען: הֶער זִיךְ אַיין. וואָס אִיז דִי פּעולה וואָס אִיךְ וועֶל דִיר גֶעבֶען מִיטלֶען און דוּ ווֶעסט גֶעזוּנט ווֶערֶען פֿוּן דײַן קראַנקהײַט, אַז ווֶען דוּ ווֶעסט קוּמֶען אַהײַם אִין דײַן שטאָט, צווִישֶען דִי מֶענשֶען וואָס זײַנֶען אוֹיךְ קראַנק אוֹיף דִי זֶעלבֶע קרײַנק ווֶעסטוּ זִיךְ ווײַטֶער אָנשטֶעקֶען אָן זֵיי און דוּ ווֶעסט ווײַטֶער קראַנק ווֶערֶען. דֶערִיבֶער אִיז מײַן ראַטה אַז אִיהר זאָלט פֿוּן אײַיֶער שטֶעטִיל שִׁיקֶען אַ פּראָשֶׁענִיֶע צוּ דֶער רֶעגִירוּנג מ׳זאָל אײַךְ שִׁיקֶען אַ דאָקטאָר עֶר זאָל אוֹיסהײַלֶען אַלֶע קראַנקֶע פֿוּן שטֶעדטִיל, דאַן ווֶעט אִיהר זײַן זִיכֶער אַז דִי קראַנקהײַט ווֶעט זִיךְ מֶער צוּ אײַךְ נִיט צוּקלֶעפֶּען.

דאָסזֶעלבֶע אִיז מִיט אוּנז הײַלִיגֶע אִידֶען! מִיר זײַנֶען קראַנק אוֹיף מחלת הנפש, אוּנזֶער זֶעלֶע אִיז קראַנק. ווִי דֶער רמב״ם ז״ל זאָגט: „אַזוֹי ווִי בײַן קֶערפֶּער אִיז דאָ גֶעזוּנדהײַט און קראַנקהײַט אַזוֹי אִיז בײַן נפש אוֹיךְ דאָ גֶעזוּנדהײַט און קראַנקהײַט”. דֶען אַז מִיר זײַנֶען עובר אַ עבירה ווֶערט אַ פּגם אִין נפש און זִי בּרוֹיכט זִיךְ צוּ הײַלֶען. חאָטשִׁי דֶער הײַלֶען זִיךְ ווֶענדֶעט זִיךְ אָן אוּנז, ווֶען מִיר ווֶעלֶען תשובה טוּן צוּם רבש״ע מִיט׳ן גאַנצֶען האַרצֶען און מִיר ווֶעלֶען נֶעמֶען אוֹיף זִיךְ צוּ אָבּהִיטֶען זײַנֶע מצות ווֶערט דֶער נפש גֶעהײַלט, אָבֶער דִי „שאר שבעיסה”, דאָס אִיז דֶער יצה״ר עֶר אִיז מעכב, עֶר לאָזט נִיט, און ווֶער קאָן זִיךְ שטֶעלֶען קֶעגֶען אִיהם? ווִי דִי גמרא זאָגט: „יצרו של אדם מתגבר עליו בכל יום ואלמלא

הקב"ה עוזרו לא יכול לו". דער יצר הרע פֿון מענשען שטאַרקט זיך אויף איהם אַלע טאָג און ווען דער בוי"ת זאָל איהם, דעם מענשען, ניט העלפֿען וואָלט ער ניט געקאָנט בײַשטײַן קעגען איהם. דערום דאַרפֿען מיר האָבען די הילף פֿון בוי"ת ער זאָל אונז העלפֿען הײלען אונזערע נשמות. אָבער די קראַנקהײַט איז „אַמחלה המתדבקת" אַיין אַנשטעקענדע קראַנקהײַט ווי די גמרא זאָגט: „הרבה חברים רעים עושים", פֿיעל זאַכען, פֿיעל עברות ברײַנגט מיט וואָס דער מענש קאָמפּאַנירט זיך אויף מיט שלעכטע חברים, זײ פֿירען איהם אַראָב פֿון וועג, מ'קומט זיך צוזאַמען, מ'הויבט אָן רײדען רכילות, לשון הרע. אָדער פֿערברײַנגען אין אַנדערע פֿאַרדאָרבענע זאַכען ביז דאָס ווערט אַמושב לצים. און דעם ערליכען מענשען אַפילו איז שווער זיך אַרויסצודרײען פֿון דער קאָמפּאַניע, מ'ווערט מיט גוואַלד אַרײַנגעצויגען ווײַטער, און אַרײַנגעזונקען וואָס טיעפֿער און טיעפֿער. אַלזאָ דאַרפֿען מיר בעטען ניט נאָר פֿאַר זיך, נאָר אויך פֿאַר אַנדערע, פֿאַר דער גאַנצער קאָמפּאַניע מ'זאָל ניט ווערען פֿערפֿירט נאָכהער איינער פֿון צווײטען. דאַן וועלען מיר קאָנען זיכער זײַן אַז מיר וועלען זיך ניט אומקערען צו אונזער נאַרישען וועג וואָס מיר זײַנען געגאַנגען. ווען מיר בעטען פֿאַר זיך רופֿען מיר אָן דעם בוי"ת „אבינו" אונזער פֿאָטער, און ווען מיר בעטען פֿאַר אַנדערע רופֿען מיר איהם אָן „מלכנו", אונזער קעניג. „שלח רפואה שלמה לחולי עמך" שיק אַגאַנצע רפואה צו די קראַנקע פֿון דײַן פֿאָלק אַז אַלע וועלען געהײלט ווערען וועט זײַן די רפואה אַגאַנצע.

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ קְרַע רוֹעַ גְּזַר דִּינֵנוּ:

## אונזער פֿאָטער אונזער קעניג, צורײס דאָס שלעכטעס פֿון אונזער גזר דין.

איינער האָט אַמאָל פֿערבראָכען קעגען דער רעגירונג האָט מען איהם געמשפּט לײַב-שטראָף, מ'זאָל איהם געבען פֿופֿציג שמיץ. דער דאָקטאָר האָט אָבער בעטראַכט דעם מענשען און ער האָט אײַנגעפֿונען אַז מ'קאָן אויף איהם די שטראָף ניט אויספֿיהרען, ווײַל

ער איז צו שוואַך אויסצוהאַלטען דאָס, סײַדען מ'זאָל איהם געבען פריִער אַ חדש נאָכאַנאַנד גוטע פּפלעגע. האָט ער איהם פעראָרדענט, אַז מ'זאָל איהם געבען אַלע טאָג אַ פונט פליייש מיט אַ פלאַש ווײַן אַ חודש צײַט נאָכהער וועט מען אויספיהרען די שטראָף אויף איהם. דערויף האָט מען איהם געגעבען אַ צעטיל ער זאָל דאָס אַלע טאָג אין קאַסע בעקומען. עס איז אַוועק איינינע טעג, איז געקומען אַ מאַניפעסט פון קעניג, אַז ער האָט געשאָנקען אַלע פערברעכער, און דער איז אויך אין כלל. ער איז אָבער געקומען אין קאַסע מיט'ן צעטעל זײַנעם, אַזוי ווי אַלע טאָג, בעטען דעם פונט פליייש מיט די קוואַרט ווײַן. ענטפערט איהם דער קאַסיר: שוטה, דאָס האָט מען דיר דאָך נאָר געגעבען אַז דו זאָלסט קאָנען פערטראָגען די שטראָף, אָבער איצט אַז מ'האָט דיר די שטיָן געשאָנקען טאָ פאַר װאָס קומט דיר די פליייש מיט די ווײַן?

דאָס איז אָבער נאָר בײַ דין שלמטה, בײַ אַ מענשליכען דין, אָבער בײַ דין שמים איז ניט אַזוי. די גמרא זאָגט: „כל דבר שיצא מפי הקב"ה לטובה אפילו על תנאי לא חזר בו". די זאַך וואָס עס איז אַרויס פון דעם בוי"ת צו גוטען אַפילו דאָס איז געזאָגט אויף אַ תנאי האָט דער בוי"ת קײַן חרטה ניט. וואו געפינען מיר אַזאַ פאַל? דאָס געפינען מיר אין דער תוכחה פון „משנה תורה": „בנים ובנות תוליד ולא יהיו לך כי ילכו בשבי זרע רב תוציא השדה ומעט תאסוף כי יחסלנו הארבה". דו וועסט געבוירען זיהן און טעכטער און דו וועסט זיי ניט האָבען דען זײַ וועלען גײַן אין גיפענגעניש. אין דײַן פעלד וועט וואַקסען אַפולע תבואה און דו וועסט ווייניג אײַנזאַמלען, דען עס וועט זיי אויף עסען דער הײַשערעק. זעהען מיר אַז אַ מאָל גיט דער בוי"ת גוטעס צוליעב דעם אַז פון די גוטעס זאָל אַרויסקומען דער שטראָף. צו וואָס וועט דער בוי"ת געבען קינדער? כדי זיי זאָלען גײַן אין געפענגעניש דען אַז ער וועט קײַן קינדער ניט האָבען וועט דאָך ניט זײַן ווער עס זאָל גײַן אין גע־פענגעניש. צו וואָס וועט דער בוי"ת געבען אַ פולע תבואה? עס זאָל זיי עסען דער הײַשערעק. הײַנט ווי באַלד אַז די גוטעס וועט זײַן נאָר צוליעב דעם שטראָף, טאָ ווי דאַרף זײַן, למשל, אַז דער בוי"ת זאָל אַראָבנעמען דעם שטראָף, ער זאָל שײַנקען דאָס וואָס מ'האָט קענען איהם פערברעכען דאַרף דאָך די גוטעס אויך אַראָב־גײַן, דאַרף אָט דער שולדיגער מענש קײַן קינדער ניט האָבען, אָדע־עס דאַרף בײַ איהם אין פעלד קײַן פיל תבואה ניט וואַקסען? דאָס

וואָלט אָבער נאָר געווען בדיני אדם, אָבער ביי דעם בוי"ת איז ניט אַזוי, וויבאַלד אַז ער האָט אַרויסגערעדט פון מויל געבען גוטעס אַפילו אויף אַ תנאי האָט ער ניט חרטה, אַלזאָ איז חאָטשי די שטראָף וועט אַראָבגיין, אָבער די גוטעס וועט בלייבען. חאָטשי די שמיץ איז געשאָנקען, אָבער די פליייש מיט די וויין וועט מען געבען, חאָטשי דער „ילכו בשבי" און „יחסלני הארבה" וועט אַראָבגיין, אָבער דער „בנים ובנות תלד" און דער „זרע רב תוציא השדה" וועט בלייבען.

דאָס זעלבע איז מיט אונז הייליגע אידען! ווען דער בוי"ת איז ח"ו גוזר אַשלעכטען גזר דין קאָן אַמאָל זיין אַז אין דעם גזר דין זאָל זיין אַריין געמישט אַגוטע זאַך, וויל אָן דעם האָט ניט געקאָנט זיין די שטראָף, למשל, זיין שטראָף איז אַז ער זאָל דעם יאָהר פאַרליערען טויזענד רו"ב, ווי איז אַז דער מענש פאַר מאָגט גאָר די סומע נעלט ניט, חתמ'ט מען איהם אָן אַז ער זאָל געווינען אָדער פאַרדינען טויזענד רו"ב, כדי ער זאָל האָבען וואָס אָנצווערען, טאָ ווי איז אָבער אַז מיר בעטען אַז דער בוי"ת זאָל צו רייסען דעם שלעכטען גזר דין וועט דאָך אַרויסקומען אַז ער דאַרף שוין די טויזענד רו"ב נאָר ניט געווינען? ניין, ביי דעם בוי"ת איז ניט אַזוי, ער רייסט נאָר אַרויס די שלעכטעס פון גזר דין און די גוטעס פון איהם שטעלט זיך אָב, דערויף בעטען מיר „קרע רוע גזר", זאָגט דער באר היטב אַז „רוע גזר" זאָל מען זאָגען צו זאַמען (מיט אמרבא טפחה), דאָס הייסט דו זאָלסט אַרויסרייסען די שלעכטעס און די גוטעס זאָל איבער בלייבען, האָטשי דאָס איז נאָר געווען אויף אַ תנאי, אָבער אויף אַ גוטע זאַך האָט דער בוי"ת קיין חרטה ניט, אַפילו ווען דאָס איז נאָר געווען אויף אַ תנאי.

דאָס וואָס מיר בעטען די גוטעס פון גזר דין זאָל פאַרבלייבען, דאָס איז אַלעס וואָס ער איז „אבינו" אונזער פאָטער און ער איז פול מיט רחמנות אויף אונז, און דאָס וואָס מיר בעטען אַז ער זאָל די שלעכטעס צוריסען, איז וויל ער איז „מלכנו" אונזער קעניג. דען דער שטייגער איז פון אַ קעניג אין זיין געבורטס טאָג אָדער אין דעם קריינונגס טאָג איז מען מוחל אַלע פאַרברעכער, אַזוי בעטען מיר דעם בוי"ת אַז אין ראש השנה וואָס דאָס איז זיין קריינונגס טאָג ווי מיר זאָגען, „זה היום תחלת מעשיך" זאָל ער מוחל זיין אַלע פאַרברעכען קעגען איהם און זאָל שיינקען אַלע שטראָפען

אונ זאָל צו רײַסען די שלעכטעס פֿון אונזער גזר דין „קרע רוע גזר דיננו״.

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ זָכְרֵנוּ בְּזִכָּרוֹן טוֹב לְפָנֶיךָ׃

## אונזער פָאטער אונזער קעניג, גערײנק אונז צום גוטען גידעכטעניס פאַר דיר.

צווײַ גענעראַלען האָבען פֿאַרזינדיגט פאַר׳ן קעניג, מען האָט זײַ איבער געגעבען צום געריכט אונ די ריכטער האָבען זײַ געוואָלט פֿאַר׳משפּט׳ן צו באַשטראָפֿען מיט אַשווערע שטראָף. זײַנען זײַ צו געפֿאַלען צום קעניג צו די פֿיס אונ האָבען איהם אָנגעהויבען בעטען ער זאָל זײַ בעפרײַען. זײַ האָבען איהם אָנגעהויבען בעטען מיט די ווערטער: אַדונינו קעניג! דער מאָן זיך נאָר וויפֿיל מלחמות מיר האָבען אײַן גענומען, וויפֿיל מאָל זײַנען מיר געגאַנגען אין שטרײַט פֿון דײַנט וועגען, וויפֿיל מאָל האָבען מיר זיך געאָפּפֿערט פֿאַר דיר. אמת טאַקע מיר האָבען איצט פֿאַר בראָכען, אָבער מיר בעטען דיר אַז דו זאָלסט נאָר גערײַנקען די גוטעס וואָס מיר האָבען געטאָן אונ דאָס שלעכטעס זאָלסטו ניט דערמאָנען. דער קעניג האָט געהײַסען דעם משפּט אָבלײגען אויף אַ אַנדער מאָל. אונטער דער צײַט איז דער קעניג אַרוים געקלײדעט ציווּיל צווישען זײַן אַרמעע זעלנער, זעהען אונ בעטראַכטען ווי זײַנע גענעראַלען פֿירען זיך אויף. האָט זיך איהם געטראָפֿען צו זעהען ווי אַנ׳אָפֿיצער האָט זיך פֿאַרשולדיגט קעגען אײנעם פֿון זײַנע גענעראַלען, אונ ער האָט איהם שטאַרק באַשטראָפֿט אונ עס האָט ניט געהאָלפֿען די געבעט וואָס יענער האָט זיך בײַ איהם געבעטען, אָט טאַקע מיט די אײגענע ווערטער וואָס דער גענעראַל האָט זיך געבעטען בײַ קעניג. אָבער דער גענעראַל האָט זיך געמאַכט ניט הערענדיג אונ האָט אויסגעפֿירט די שטראָף וואָס ער האָט אַרויפֿגעלײגט אויף איהם.—מיט׳ן צווײטען גענעראַל האָט זיך אויך געטראָפֿען אַזאַ געשיכטע, וואָס אַנ׳אָפֿיצער האָט פֿאַרזינדיגט אונ ער האָט איהם געוואָלט באַשטראָפֿען אונ יענער האָט אָן געהויבען איהם בעטען אונ אויפֿווײַזען אַז ער האָט

פיל גוטעס געטאן קומט איהם אז מען זאל איהם אמאל דורך לאזען עפעס ניט קיין גרויסען פארברעך, און דער גענעראל האט אנגענו־מען זיינע טענות פאר ריכטיגע און האט איהם בעפרייט. נאכהער האט דער קעניג געהייסען באשטימען אויף א צווייטען מאל דעם משפט און יענעם גענעראל האט מען פאר־משפט צו באשטראפען און דעם צווייטען האט מען פריי געשפראכען. האט אנגעהויבען דער גענעראל טענה'ן פאר'ן קעניג: אדוני המלך, מיט וואס בין איך ערגער פאר יענעם? מיר האבען דאך ביידע איין פערברעך באגאנגען, פאר וואס זע האט מען יענעם פריי געשפראכען און מיר האט מען פארשולדיגט? ענטפערט איהם דער קעניג: אט אזוי ווי איהר האט זיך געפירט מיט די וואס האבען קעגען אייך געזינדיגט, אזוי פירט מען זיך מיט אייך. יענער האט אנגענומען די טענות פון פארברעכער קעגען איהם פאר ריכטיגע האב איך אנגע־נומען זיינע טענות ווענען זיין פארברעכען קעגען מיר אויך פאר ריכטיגע, אבער דו האסט ניט געלייגט קיין אכט אויף יענעמס טענות און געבעטעט ווענען זיין פארברעכן קעגען דיר לייג איך ניט קיין אכט אויף דיינע טענות און דיין געבעט קעגען מיר.

דאס זעלבע איז מיט אונז, הייליגע אידען! די גמרא זאגט אין ברכות (דף ל"א). „גם אלה תשכחנה זה מעשה עגל שנאמר אלה אלהיך ישראל, ואנכי לא אשכחך זה מעשה סיני שנאמר אנכי ה' אלהיך". די מעשה עגל, דאס הייסט די שלעכטעס וואס אידען טוען פארגעסט דער בוי"ת. און די מעשה סיני, ד"ה די גוטע מעשים וואס מיר טוען פארגעסט דער בוי"ת ניט. דאס איז אבער אלעס געזאגט אז מיר צווישען זיך וועלען זיך אויך אזוי פירען, אז מיר וועלען פארגעסען די שלעכטעס וואס איינער טוט קעגען צווייטען און די גוטעס וועלען מיר געדיינקען דאן וועט זיך דער בוי"ת מיט אונז אויך אזוי פירען, אבער ווען מיר וועלען זיך מיט'ן צווייטען אנדערש פירען, ווי קאנען מיר בעטען דעם בוי"ת ער זאל זיך מיט אונז אזוי פירען? אלזא הייליגע אידען! אט מיר דארפען דאך קומען איצט בעטען דעם רבונו של עולם ער זאל פארגעסען די שלעכטעס וואס מיר האבען געטאן קעגען איהם דארפען מיר אויך פארגעסען די שלעכטעס וואס מען האט קעגען אונז געטאן, און מיר דארפען זיך מוחל זיין איינער דעם אנדערען וועט אונז השי"ת אויך מוחל זיין. און מיר בעטען „אבינו" אלעס ער איז אונזער פאטער וועט ער רחמנות

האָבּען אויף אונז און וועט אונז מוחל זיַין, און מיר בּעטען איהם ווייטער ער זאָל געבּען אַהאַרץ אונזערע בּרידער אַז זיַי זאָלען אונז מוחל זיַין און מיר זאָלען איינע די אַנדערע מוחל זיַין, און דאָס בּעטען מיר איהם אַלעס „מלכנו" וואָס ער איז אונזער קעניג און דאַן „זכרנו בזכרון טוב לפניך", וועט ער אונז דערמאָנען נאָר די גוטעס וואָס מיר האָבּען געטאָן.

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ כָּתְבֵנוּ בְּסֵפֶר חַיִּים טוֹבִים:

## אונזער פָאטער אונזער קעניג, שרייבּ אונז אָן אין דעם בּוך צום גוטען לעבּען.

איינער אַ יונגער מאַן (אַמשרת) האָט געדינט אין אַ גרויסען געשעפט און מען האָט איהם געצאָהלט אגרויסען לוין (שכירות). ער איז אויך געווען אויף אַלעס פאַרטיגען, עסען און טרינקען איז אַלץ געוועזן אויף דעם בעה"ב טיש. מיט אמאָל האָט דער בעה"ב בּעמערקט אַז דער משרת איז ניט ראיעל אין געשעפט, האָט ער איהם אָבּגעזאָגט פון זיַין שטעלע. האָט ער אָן געהויבּען בּעטען דעם בעה"ב ער זאָל איהם לאָזען זיַין בּיַי איהם אין שטוב אפשר וועט ער קריגען אַ אַנדערע שטעלע. דער בעה"ב האָט אויף איהם רחמנות געהאַט און האָט איהם געלאָזען דערווייל זיַין בּיַי איהם, אָבּער וואָס ער האָט געגעסען און געטרונקען האָט ער פאַרשריבּען אין אַ בּוך. דער יונג האָט אָבּער געמיינט אַז ער עסט אַלץ אומזיסט האָט ער זיך ניט געזאָלעוועט אבּיסל בּעסער עסען, בּעסער טרינקען, עס איז אוועק אַהיבּשע ציַיט האָט איהם דער בעה"ב דערלאַנגט אַרעכענונג וואָס עס בּאַטרעפט זיַין עסען און טרינקען אין דער ציַיט וואָס ער האָט גאָר נישט פאַרדינט. דער מענש האָט זיך אָן געהויבּען רייסען די האָר פון קאָפּ. אוי!—זאָגט ער—וואָס האָבּ איך געטאָן? וואָס האָבּ איך אַזוי גוט געלעבּט? איך האָבּ געדאַרפט וויסען, אַז ווי בּאַלד איך בּין ניט אין חשבּון פון דעם בעה"ב בּאַדינער וועט אויף אַלעס זיַין אַ רעכענונג. ער וועט מיר קיין זאַך ניט שיַינקען, איך וועל פאַר אַלעס מוזען בּאַצאָלען. איצט בּין איך

נעֶבליבּען נאַקעט און הויל, די עֶטליכע רובל וואָס עס איז געבליבּען פון מיין פאַרדינסט האָב איך שוין אויך פאַרצערט. וואָס העלפט דאָס אָבער אַז ער האָט זיך צו שפּעט אַרום געזעהן.

דאָס זעלבּע איז מיט אונז הייליגע אידען! בּעת דער מענש היט די מצות פון בּוי״ת איז אַלץ וואָס ער עסט און טרינקט גוט דאָס איז אַלץ אויף דעם חשבּון פון השי״ת, און דעם מענשען ווערט גאָר ניט אָב גערעכענט דער פון. אָבער אַז דער מענש זינדיגט און ער איז עובר אויף אַ איסור כרת ר״ל און זיין זעלע ווערט אָב געשניטען פון כלל ישראל פון ארץ החיים, ווי עס שטייט אין דער תורה הקדושה, „ונכרתה הנפש ההיא״, איז חאָטשי ער פערבלייבּט נאָך לעבּען אויף דער וועלט אָבער דאָס גייט שוין אויף זיין אייגענעם רעכענונג, ער ווערט מוזען פאַר יעדער זאַך בּאַצאָלען; אויף אַלץ וואָס ער האָט הנאה פון דער וועלט ווערט מען איהם געבּען אַרעכענונג. און טאָמער איז איהם עפּיס איבּער געבליבּען פון זיינע פריערדיגע פאַרדינסטען, פון זיינע פריערדיגע מצות ומעשים טובים וואָס ער האָט געטאָן, ווערט ער דאָס איצטער פאַרצערען. עס דוכט זיך איהם אַז ער לעבּט אויף דער וועלט אָבער אָך און וויי איז צו אַזאַ לעבּען, דאָס איז אַבּיטערער לעבּען. ער בּייט אוים די טייערע בּורליאַנטען וואָס ער האָט זיך צוגעגרייט אויף יענער וועלט, אויף נאַרישקייט אויף פוסטקייט. ניט אַזאַ לעבּען פאַר לאַנגען מיר, ניט אויף אַזאַ לעבּען בּעטען מיר, מיר בּעטען אויף אַ גוטען לעבּען.

תוספות זאָגט אין ברכות וואָס איז דער פּשט וואָס די גמרא זאָגט: „תרי מכתבי מלייהו בספר הזכרונות״. אַז צוויי מענשען טוען אַ מצוה ווערט זייערע רייד אַיינגעשריבּען אין ספר הזכרונות איז די כוונה „עם אחרים״, מיט אַנדערע צוזאַמען, איז די זעלבּע וואָס מיר בּעטען דאָ: „כתבנו בספר חיים טובים״ מיינט מען אויך צו זאַמען מיט אַנדערע, וואָרום יעדער מענש דאַרף בּעטען ניט נאָר פאַר זיך אַליין נאָר ער דאַרף אויך בּעטען פאַר׳ן צווייטען. דאָס וואָס מיר בּעטען פאַר זיך בּעטען מיר אַלעס וואָס ער איז „אבינו״ אונזער פאָטער, און וואָס מיר בּעטען מיר זאָלען זיין פאַרשריבּען מיט אַנדערע צוזאַמען בּעטען מיר אַלעס ער איז „מלכנו״ אונזער קעניג „כתבנו בספר חיים טובים״.

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ כָּתְבֵנוּ בְּסֵפֶר גְּאֻלָּה וִישׁוּעָה:

## אונזער פָּאטער אונזער קעניג, שרייב אונז אין בוך פון ערלייזונג און הילף.

איינער א רייכער מענש איז געפארען אין וועג, האט ער געטראפען אנגעפאנגענעם מענשען, די פיינגער האבען איהם גע־פייניגט און האבען מיט איהם זייער שווער געארבייט. ער האט אויף איהם רחמנות געהאט און האט געגעבען די פיינגער אסך געלט און האט איהם אויסגעלייזט פון זייערע הענט. ער האט איהם גענומען צו זיך אין הויז און ער האט איהם געהאלטען אויף זיין טיש מיט עסען, טרינקען און קליידען און אלעס וואס אמענש דארף האבען. ווען ער האט זיך מיט איהם מעהר בעקאנט, האט ער געזעהן אז ער איז זייער אפייהיגער מענש און ער האט איהם צו גענומען צו זיך אין געשעפט און האט איהם געגעבען א גוטע שטעלע מיט גוטע געהאלט. דער מענש איז געוועזען זייער צופרידען און זייער פאר וואונדערט פון די חסדים פון יענעם רייכען מאן וואס ער האט מיט איהם גוטעס געטאן און איז איהם זייער דאנק־באר געוועזען, און האט איהם פאר אלעסען געריהמט פאר א גוט־הערציגען מענשען.

דאס אלעס, הייליגע אידען! טוט דער בוי"ת מיט אונז: ער האט אונז אויסגעלייזט פון די הענד וואס האבען אונז געפייניגט און דערצו טוט ער נאר טובות מיט אונז אויך און ער גיט אונז חיונה און מיר דארפען איהם פאר אלעס זייער דאנקבאר זיין.

„גאולה", אויסלייזען, גיהער איינענטליך צו אפאטער. די גמרא זאגט אין גיטין (דף מ"ה): „אין פודין את השבוים יתר על כדי דמיהם" מ'טאר ניט אויסלייזען די געפיינגענע ווען מען פאדערט פאר זיי מעהר געלט וויפיל זייער ווערדע איז: אבער אפאטער אקינד מעג יא געבען מעהר פאר זיין ווערט: ווי די גמרא זאגט דארטען אז לוי בר דרגא האט אויסגעלייזט זיין טאכטער פאר צוועלף טויזענד רענדליך: הייסט אז מיר בעטען דעם בוי"ת ער זאל אונז אויסלייזען בעטען מיר איהם ער זאל אונז אויסלייזען אלעס ער איז „אבינו", אונזער פאטער, אז מען וועט אפילו פארלאנגען פאר אונזער אויסלייזען מעהר פאר אונזער ווערדע זאל ער אונז אויך אויסלייזען.

און „ישועה״, הילף, פאסט מעהר פאר א קעניג דען אפאטער מיט אקינד רעכענט זיך דאך ניט אויס ווען ער גיט איהם עסען און טרינקען און בעט דערפאר קיין באלאָהנונג ניט, אָבער ביי אקעניג איז דאָס זיין חסד וואָס ער גיט אנוטע שטעלע אז יענער זאָל פאר-דינען ביי איהם זיין חיונה, איז אז מיר בעטען „ישועה״, הילף בעטען מיר אלעס ער איז „מלכנו״, אונזער קעניג: און מחמת אלעם צוזאמען בעטען מיר: „כתבנו בספר גאולה וישועה״:

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ כָּתְבֵנוּ בְּסֵפֶר פַּרְנָסָה וְכַלְכָּלָה:

**אונזער פאטער אונזער קעניג, שרייב אונז אין בוך פון פַּרְנָסָה און שְׁפַּייזוּנְג.**

א אָרעמער מענש איז געקומען צו אגביר אגרויסען פאבריקאנט, וואָס די סחורה פון זיין פאבריק ווערט פארקויפט אין גאנץ ווייטע געגענדען, און האָט געבעטען ער זאָל איהם שיקען אלעס קאָמיסיאָנער פון זיין פאבריק אין איינעם פון די ווייטע געגענדען, ער האָט דאָס געטאָן און ער האָט איהם אוועק געשיקט ערגיץ וואו אין א ווייטער מדינה. און ער האָט איהם אהינצו געשיקט סחורה אויסגעארבייטע פון זיין פאבריק; יענער האָט די סחורה פארקויפט און האָט זיך גאנץ געשמאק פאר דינט. ער איז אָבער ניט געווען צופרידען, ווייל יענע מדינה איז געווען ניט קיין פרוכטבארע און ער האָט ניט געהאט דאָרטען זיינע באקוועמליכקייטען וועגען עסען. שרייבט ער אוועק אבריף צום גביר דעם פאבריקאנט און באדאנקט איהם זייער פאר וואָס ער האָט איהם געגעבען דעם פלאץ, מען פארדינט דאָ גאנץ גוט, אָבער ער באדויערט זיך פאר איהם וואָס דער געגענד איז ניט פרוכטבאר און קריגט ניט וואָס ער וויל צום עסען, אלזאָ בעט ער איהם ער זאָל איהם בעשטימען איין אנדער געגענד וואָס זאָל פרוכטבאר זיין, דער גביר האָט דאָס איהם איך געטאָן און האָט איהם אוועק געשיקט אין אנ'אנדער געגענד, א ארץ זבת חלב ודבש. ער איז אָנגעקומען אהינצו האָט ער געזעהן אז מען קאָן דאָ אלעס קריגען און מען קאָן דאָ לעבען אנוטען טאָג,

און איז פּאָרלויפיג געווען צופרידען, ער נעמט אָבער האַנדלען, עס גייט ניט, עס איז קיין פרנסה ניטאָ, די סחורה גייט דאָ ניט זייער און מען גיט קיין פּרייזען ניט פאַר די סחורה און עס איז ניטאָ פון וואַנען צו לעבען. שרייבט ער ווייטער אַוועק אַבריף צום גביר און באַדאַנקט איהם פאַר זיין חסד, נאָר שרייבט ער איהם—וואָס איז מיר די פעולה וואָס דאָס איז אַפּרוכטבאַרע לאַנד און מען קריגט אַלעס צום עסען אַז דאָ זיינען אָבער די פּאַרדינסטען זייער שוואַכע, ווייזט מיר שוין אַייערע גרויס געגאַדע און שיקט מיר אין אַ אָרט וואָס עס זאָל בײדע זאַלען זיין אי פרנסה אי פרוכטבאַרקייט, עס זאָל זיין וואָס צו עסען.

אָט דאָס זעלבע איז מיט אונז. הײליגע אידען! עס טרעפט אַ מענש אַז דער בוי"ת גיט איהם פרנסה, ער פאַרדינט גאַנץ גוט, אָבער עס איז קיין כלכלה ניטאָ, עס איז ניט קיין אונטערשייד אויב עס איז בכלל ניטאָ וואָס צו עסען, עס איז אַ הונגער יאָהר אָדער די וועלט האָט יאָ וואָס צו עסען נאָר ער אַליין האָט ניט, וויל זיין צו שטאַנד פון זיין געזונט לאָזט איהם ניט. ווידער טרעפט אַז איינער וואָלט געקאָנט עסען און עס איז אויף דער וועלט אויך דאָ וואָס צו עסען נאָר ער האָט קיין פרנסה ניט, ער האָט ניט פאַר וואָס צו קויפען, ער פאַרדינט גאָר ניט. דערום אַז מיר קומען איצט בעטען דעם בוי"ת אויפ'ן נייעם יאָהר באַנוגענען מיר זיך ניט מיט איין זאַך אַליין, מיט פרנסה אַליין אָדער מיט כלכלה אַליין נאָר מיר בעטען אַז דער רבש"ע זאָל אונז געבען בײדע זאַלען, פרנסה וכלכלה.

די גמרא זאָגט אין ברכות (דף ג'): „כיון שעלה עמוד השחר" חי' עס איז טאָג געוואָרען „נכנסו חכמי ישראל אצלו", זיינען די חכמי ישראל אַריין געגאַנגען צו דוד המלך ע"ה און האָבען איהם געזאָגט: „אדונינו המלך עמך ישראל צריכין פרנסה", דיין פאָלק ישראל דאַרפען פרנסה. האָט ער זיי געענטפערט: „לכו והתפרנסו זה מזה", גייט חערט געשפּייזט איינער פון צווישען, האָבען זיי איהם געזאָגט: „אין הקומץ משביע את הארי ואין הבור מתמלא מחולייתו". איין היפּיל קאָן ניט זאַט מאַכען דעם לייב, און אַגרוב חערט ניט פול מיט איהרע ערד וואָס מען האָט פון איהר אויסגע-גראָבען, זאָגט ער צו זיי לכו פשטו ידיכם בגדוד". גייט האַלט מלחמה מיט די אומות. דער געדאַנק פון דעם מאמר איז אַזוי: די חכמי ישראל זאָגען צו דוד המלך אַז די אידען דאַרפען פרנסה, האָט ער

זיי צוערשט געגעבען אַ עצה זיי זאָלען האַנדלען און פֿאַרדינען איינער פֿון צווייטען. דערויף האָבען זיי איהם צוויי תשובות געגעבען, די ערשטע תשובה איז: „אין הקומץ משביע את הארי", ווייל דאַן איז נאָך ארץ ישראל ניט געווען איין גענומען אין גאַנצען, און די ביסל לאַנד וואָס עס האָט זיך געפֿונען אין די אידישע הענט איז ניט גענוג געווען צו געבען אידען ברויט. דען דער צאָהל פֿון אידען איז דאַן געווען זייער גרויס (יהודה וישראל רבים כחול הים) און דער הייפֿעל ערד קאָן ניט זאַט מאַכען דעם לייב, דעם גרויסען כלל ישראל, טאָ וואָס איז די פעולה וואָס זיי וועלען ש'ין אפילו יאָ האָבען פרנסה, זיי וועלען פֿאַרדינען געלט אָבער מיט געלט קאָן מען דאָך ניט לעבען מען דאַרף דאָך האָבען וואָס צו עסען (כלכלה), דאָס איז איינס, און ווידער זאָגען זיי אַז פרנסה קאָן מען אויך ניט האָבען. איינער האָט אַמאָל געוויזען דעם קיסר אַז די געהאַלט וואָס ער גיט פֿאַר די זעלנער קומט זיי ניט אָן אין גאַנצען, האָט ער גענומען אַהויפֿען זאַלץ און האָט דערלאַנגט דעם צווייטען, דער צווייטער האָט דערלאַנגט דעם דריטען און אַזוי ווייטער ביז עס איז געקומען צום צעהנטען איז שוין גאָר ווייניג וואָס געבליבען, ווייל אַזאַך וואָס גייט רק איבער פֿון האַנט צו האַנט ווערט אַלץ געמינערט ביז עס בלייבט דער פֿון נישט, ווייל אָן יעדער האַנט קלעפּט זיך אַביסל אָהן: אָט דאָס זעלבע האָבען זיי איהם ערקלערט מיט דער גרוב, אַז מען גראָבט אויס די ערד פֿון איהר און מען וויל זי צוריק פֿאַר שיטען ווערט זי ניט פֿול מיט די ערד ווייל עס פֿעלט זיך ביסלעך ווייז און עס ווערט אָן געקלעפּט אָן דעם אָרט וואו עס איז געלעגען אַזוי איז אויך ווען מ'האַנדעלט ווערט אַביסל צו געקלעפּט, צו יעדערען, איינער גיט ניט אַזוי פֿיל אוים וויפֿיל ער פֿאַרדינט פֿעלט דאָך דאָס שוין אָב פֿון צווייטען. האָט ער זיי געזאָגט: לכו פשטו ידיכם בגדוד", גייט האַלט מלחמה און פֿאַרגרעסערט די לאַנד אייערע וועט איהר האָבען מער פֿעלד צו בעאַרבעטען.

אַלזאָ פֿריער האָט ער זיי געגעבען אַ עצה ווי אַ פֿאָטער און אַגוטער פֿריינד פֿון אַ פֿאָלק אַז זיי זאָלען האַנדלען וועלען זיי האָבען פרנסה, און ווען זיי האָבען איהם געענטפֿערט אַז האָבען פרנסה אַליין איז ניט גענוג מען דאַרף האָבען כלכלה אויך, האָט ער זיך שוין באַנוצט מיט זיין קעניגליכער קראַפֿט און האָט געהייסען מלחמה האַלטען. דאָס זעלבע בעטען מיר אויך ביי

רבש״ע, אַלֶעס „אבינו״ וואָס דו בּיסט אונזער פֿאָטעֶר בעֶטעֶן מיר אויף פרנסה, און אַלעֶס „מלכנו״ וואָס דו בּיסט אונזער קעֶניג בעֶטעֶן מיר אויף כלכלה: „כתבנו בספר פרנסה וכלכלה״.

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ כָּתְבֵנוּ בְּסֵפֶר זְכֻיּוֹת:

## אונזעֶר פָאָטעֶר אונזעֶר קֶעניג, שְׁרַייבּ אוּנז אִין בּוּךְ פוּן גֶערֶעכְטִיגְקַייט.

אֵיינעֶר האָט געֶהאַט אויף זיךְ אַשוועֶרעֶן פֿאַרבּרעֶךְ, עֶר האָט געֶשטעֶ"לט אַדוואָקאַטעֶן, (פֿאַרטיידיגעֶר) זיי זאָלעֶן אִיהם פֿאַרטיידיגעֶן פֿאַר די ריכטעֶר. די פֿאַרטיידיגעֶר האָבּעֶן אַפילו פיל געֶרעֶט אוּם אִיהם צו פֿאַרטיידיגעֶן אָבּעֶר עֶס איז געֶוועֶן אָן עֶרפֿאָ"ג, זייעֶרעֶ רייד איז בּיי די ריכטעֶר ניט געֶוועֶן אָן געֶנוּמעֶן און עֶס האָט געֶהאַלטעֶן אַז מעֶן זאָל אִיהם פֿאַרשולדיגעֶן. דעֶר מעֶנש האָט געֶהאַט אַ אַלטעֶ מוּטעֶר וואָס עֶר האָט אִיהר געֶהאַלטעֶן בּיי זיךְ און עֶר האָט אִיהר מפרנס געֶוועֶן. איז געֶקוּמעֶן די אַלטעֶ מוּטעֶר טענה'ן פֿאַר די ריכטעֶר און בּעֶטעֶן פֿאַר אִיהר זוהן זיי זאָלעֶן אִיהם בּאַפֿרייעֶן פוּן אִיהר"ט וועֶגעֶן און זי האָט געֶזאָגט צו די ריכטעֶר: אדוני השופטים, אִיהר העֶררעֶן ריכטעֶר! אִיהר זעֶהט דאָךְ אַז איךְ בּין אַניאַלטעֶ פֿרוֹי און אַשוואַכעֶ און איךְ בּין ניט פֿאַרמעֶגליךְ צו פֿאַרדינעֶן פֿאַר זיךְ צוּם לעֶבּעֶן, און אָט דעֶר זוהן מיינעֶר האַלט מיר אוּיס מיט חיונה. און ווען אִיהר וועֶט אִיהם בּאַשולדיגעֶן און אִיהר וועֶט אִיהם בּאַשטראָפֿעֶן, דאַמיט נעֶמט אִיהר אַוועֶק פוּן מיר מיין חיונה, לאָז זיין אַז מיין זון האָט טאַקעֶ פֿאַרבּראָכעֶן, אָבּעֶר איךְ האָבּ דאָךְ גאָר ניט פֿאַרבּראָכעֶן, און אויבּ אִיהר וועֶט אִיהם בּאַשולדיגעֶן און בּאַשטראָפֿעֶן דאַמיט וועֶט אִיהר אויךְ מיר בּאַשטראָפֿעֶן, און איךְ וועֶל צוליבּ דעֶם ליידעֶן, דעֶן איךְ וועֶל דאַרפֿעֶן שטאַרבּעֶן פוּן הונגעֶר; און אויבּ אִיהר וועֶט אויף אִיהם רחמנות האָבּעֶן און עֶר וועֶט אַרוֹיס גיין פֿריי פוּן געֶריכט צו ליבּ מיר, וועֶט עֶר וויסעֶן מעֶהר מיר צושטעֶצעֶן און עֶר וועֶט זיךְ בּאַשליסעֶן צו פֿאַרבּעֶסעֶרן זיינעֶ טהאַטעֶן כדי עֶר זאָל מיר ניט פֿארשאַפֿעֶן נאָךְ אַמאָל פֿאַרדרוּס דורךְ זיינעֶ שעֶנדליכעֶ

טהאַטען וואָס ער איז געוועזען געוואָנט צו טאָן ביז אהער. די ריכטער האָבען אויף איהם רחמנות געהאַט און זיי האָבען איהם באַפרייט.
הייליגע אידען! אָט מיט די טענות קומען מיר אויך צום רבש״ע. עס שטייט אין פסוק: „אם יש עליו מלאך מליץ אחד מני אלף להגיד לאדם ישרו ויחננו ויאמר פדעהו מרדת שחת מצאתי כפר". אז עס איז דאָ איין מלאך וואָס ער זאָגט אַזכות אויף דעם מענשען קעגען טויזענד וואָס זאָגען אַחוב ווערט דער מענש אויס געלייזט פון טויט. די כונה איז דורך דעם זכות וואָס איין מענש האָט ווערט דער צווייטער מענש אויך באַפרייט, די גמרא זאָגט אין ראש השנה (דף י״ח). „כל באי עולם עוברין לפניו כבני מרון, מאי כבני מרון כבני אמרנא, א״ר יוחנן וכלם נסקרין בסקירה אחת", זאָגט פריער די גמרא אז ראש השנה איז דער בוי״ת בן יעדען איינציגען מענשען באַזונדער אזוי ווי די שעפסעליך וואָס זיי גייען דורך דורכ׳ין טירעלע איינציגוויים, ווען מען ציילט זיי צו געבען מעשר, אזוי משפט ער די מענשען אויך איינציגוויים. און נאַכהער זאָגט ער אז אלע ווערען דורך געקוקט מיט איין בליק, זאָגט אויף דעם הגאון ר׳ יעקב יאָסעף זצ״ל מ״מ דווילנא ורב הכולל דק״ק נויאָרק. פריער קוקט דער בוי״ת דורך דעם זכות פון יעדער מענשען באַזונדער, טאָמער האָט דער מענש א איינענעם זכות ער זאל קאָנען צו ליב איהם בלייבען לעבען ער זאל ניט דאַרפען אָנקומען צו קיין פרעמדען זכות, דאָס איז „כבני אמרנא" ווי די שעפסעלעך, זיי גייען אַרויס איינציג ווייס. אזוי קוקט ער דורך יעדערענס זכות באַזונדער טאָמער וועט ער מיט זיין זכות קאָנען געווינען. ווען דער מענש האָט אָבער ניט קיין איינענעם זכות זולט מען טאָמער האָט ער אַזכות דורך אַנ׳אַנ־דערען, צום בייַשפיל: איינער אַרעמער מאַן איז געוועזען פאַרשולדיגט ראש השנה און צוליב זיינע שלעכטע טהאַטען וואָלט מען איהם געדאַרפט פאַר משפט׳ן אז ער זאָל דעם יאָהר שטאַרבען. אָבער דער מענש האָט געהאַט ביי זיך אין געשעפט א משרת און דער משרת האָט געהאַט אַזכות אז ער זאָל בלייבען לעבען און ער זאָל האָבען פרנסה. און אויב אז דער רייכער מאַן וועט שטאַרבען וועט דער משרת בלייבען אָן אשטעלע און וועט ניט האָבען קיין פרנסה, דערום לאָזט מען לעבען דעם נגיד צו ליב זיין משרת כדי אַז זיין משרת זאל האָבען פרנסה, דאָס איז דער פשט: וכלם נסקרין בסקירה אחת", אלע ווערען דורך געקוקט מיט איין בליק. נאָך מעהר, אמאָל טרעפט אז דער משרת אליין האָט אויך ניט קיין זכות צו בלייבען לעבען,

נאָר דער משרת האָט אַקינד און ער גיט דעם קינד צו אַ מלמד לערנען און ער צאָלט פֿאַר איהם גוטע שכר למוד, היינט אַז דער נגיד וועט שטאַרבען וועט מען דעם קינד ניט געבען אין חדר. אָדער מען וועט ניט צאָלען אַזעלכע גוטע שכר למוד ווי ער האָט געצאָלט וועט לײַדען דער מלמד אַ אונשולדיגער, בלײַבט לעבען דער נגיד צוליב דעם מלמד פֿון זײַן משרת אינגעל, און אַמאָל קאָן נאָך טרעפֿען אַז דער מלמד אַליין האָט אויך קײַן זכות ניט נאָר ער האָט אַדינסט און אַז דער נגיד וועט שטאַרבען וועט דער משרת בלײַבען אָן אַשטעלע וועט ער דעם אינגעל ניט געבען אין חדר וועט דער מלמד דער דינסט ניט קאָנען צאָלען בלײַבט דער נגיד לעבען צו ליב דעם משרת מלמד'ס דינסט, און אַזוי ווײַטער. דאָס איז דער פשט „וכלם נסקרים בסקירה אחת", מען באַנוצט זיך מיט דעם זכות פֿון איינעם אויפ'ן צווייטען חאָטשי דער איז ניט ווערט, נאָר כדי עס זאָל ניט לײַדען אַ צווייטער אַ אונשולדיגער באַפרײַט מען דעם. אָט דאָס בעטען מיר „אבינו" אונזער פֿאָטער, דו זאָלסט יעדערען מזכה זײַן מיט זײַן זכות און ווען ער האָט ניט קײַן אייגענעם זכות בעטען מיר „מלכנו" אונזער קעניג, ער זאָל מזכה זײַן איינעם מיט'ן זכות פֿון צווייטען. עכ"פ „כתבנו בספר זכיות".

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ כָּתְבֵנוּ בְּסֵפֶר סְלִיחָה וּמְחִילָה:

## אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנְזֶער קֶענִיג, שְׁרַייבּ אוּנְז אִין בּוּךְ פוּן פַארְגֶעבּוּנְג אוּן פַארְצַייהוּנְג.

איינער איז געגאַנגען פֿאַר בײַ אַנ'אייזען באַהן, זעהט ער ווי עס גייט אַגרויסער צוג מיט וואַגאָנען און פֿאָראויס גייט נאָר איין לאָקאָמאָטיוו און שלעפּט זיי, וואונדערט ער זיך ווי קען דאָס איין לאָקאָמאָטיוו שלעפען אַזוי פֿיעל וואַגאָנען וואָס דאָס באַשטייט פֿון אַזאַ שווערע משא? ענטפֿערט איהם דער חבר וואָס איז געגאַנגען מיט איהם: מיין ניט אַז די וואַגאָנען זײַנען באַלאָדענע מיט סחורה. נײַן, די וואַגאָנען זײַנען אַלע לײַדיגע. דאָס האָט מען אין זיי אַוועק געפֿירט סחורה און די סחורה האָט מען אָבגעלאָדען דאָרטען ערגעץ

אויף א סטאנציע און יעצט פיהרט מען די וואגאנען אב צוריק לײדיגע, פרעגט איהם דער ווידער: טא ווי זײנען זײ פריער גע־גאנגען געלאדענע? ווי האט זײ איין לאקאמאטיװ געשלעפט? ענטפערט איהם יענער: פריער, ווען די וואגאנען זײנען געגאנגען געלאדענע זײנען טאקע געגאנגען צוױי לאקאמאטיװען, דען ווען עס גײט אשווערער צוג גײען טאקע צוױי (און אמאל אויך דרײ לאקאמאטיװען, דאן גײט אײנער הינטען אדער אין מיט'ן) אבער יעצט אז די וואגאנעם זײנען לײדיגע איז גענוג אז איין לאקאמאטיװ זאל זײ פירען. הײליגע אידען! אט די זעלבע קשיא האבען מיר צו פרעגען אויף אונז אויך. דער גאון ר' ישראל סלאנטער זצ"ל האט געפרעגט אקשיא: ווי באלד אז ראש השנה משפט דער בוי"ת דעם מענשען אויף זײנע מעשים וואס ער האט געטאן אין דעם פארגאנגענעם יאהר, און דאדורך ווערט באשטימט זײן שיקזאל אויפ'ן קומענדען יאהר, און יוהכ"פ טוט מען תשובה אויף די זינד, וואלט דאך געווען גלײכער אז פריער זאל זײן יוכ"פ און נאכהער ראש השנה, דאן וואלט מען יום כפור תשובה געטאן און רײן ווערען פון די זינד וואלט מען זיכערער געווען אין דעם יום הדין פון ראש השנה אז מען וועט אויספויעל'ן אגוט יאהר? דערויף ענטפערט ער: אז ווען יום כפור וואלט געווען פאר ראש השנה וואלט קײן מענש ניט ערוועקט זיך תשובה צו טאן יום כפור, דען די גײסטליכע זאכען ערוועקען ניט אזוי דעם מענשען. דעריבער האט דער בוי"ת געמאכט אז ראש השנה זאל זײן פריער און דער נאך יום כפור, כדי אז ער וועט קומען ראש השנה בעטען אויף א גוט יאהר, דען דערצו ווערט א מענש גיכער דערוועקט, ווײל אגוט יאהר וויל דאך יעדערער, לעבען וויל דאך יעדערער, וועט ער זיך דאמאלסט דער־וועקען אויך תשובה צו טאן יוהכ"פ אריכטיגע תשובה, און דאס —זאגט ער— איז דער פשט פון מדרש: ה' אורי וישעי, אורי בראש השנה וישעי ביוהכ"פ. דער בוי"ת איז מײן דער לײכטער ראש השנה און מײן הילף יום כפור, ווײל ראש השנה דער לײכטעט ער דעם מענשען די אויגען דורכ'ן „זכרנו לחיים", ער זאל תשובה טאן יום כפור, קומט אויס נאך זײנע רײד, אז דער ראש השנה, דער זכרנו לחיים איז דער לאקאמאטיװ. און דער יום כפור דער אשמנו מיט'ן על חטא זײנען די וואגאנען וואס זײ ציען זיך נאך. ווײל צוליב דעם זכרנו לחיים פון ראש השנה דערוועקט ער זיך צו קלאפען זיך אין הארצען יום כפור, הײנט ווען מיר

פרעגען: דער לאקאמאטיוו, דער זכרנו לחיים. דוכט זיך איז דער זעלבער וואס אמאהל אין די פערציימיגע יאהרען איז געוועזען. און די וואגאנעס, דער „אשמנו" מיט'ן „על חטא" איז היינט אנדערש ווי אמאל איז געוועזען, אמאל זיינען זיי געוועזען ליידיגע וואגאנעס, א לאדיגער „אשמנו", א פוסטער „על חטא" און היינט זיינען זיי פולע געלאדענע, דען וואס איז געוועזען דער אמאליגער „אשמנו" וואס א איד האט זיך געקלאפט אין הארצען? עס איז מעגליך אז עס איז גאר נישט געוועזען, דער איד האט זיך געקלאפט אין הארצען וויל עס שטייט געדרוקט אזוי אין סידור אדער אין מחזור. און וואס איז געוועזען דער „גזלנו" וואס א איד האט זיך אמאל אויף איהם געקלאפט אין הארצען און וואס איז דער „גזלנו" וואס ער קלאפט זיך היינט? יעדערער פארשטייט אז עס איז א גרויסער אונטערשייד צווישען זיי. און דאס זעלבע איז מיט'ן „טפלנו שקר", אמאל אז א איד האט זיך געקלאפט אין הארצען אויפ'ן „טפלנו שקר" האט ער זיך געדארפט, איבערהויפט, קלאפען אויפ'ן „טפלנו" דען זיין גאנצער שקר איז בלויז געוועזען „דברים טפלים" פוסטע זאכען, ער האט דערציילט אמעשה אליגען וואס עס איז קיינעם ניט נוגע, עס האט קיינעם קיין שאדען ניט געמאכט, און איצט דארף ער זיך קלאפען אין הארצען דער עיקר אויף דעם „שקר", דען עס איז טאקע א שקר וואס עס האט אראב געפיהרט מענשען פון וועג, וואס האט מענשען אונגליקליך געמאכט, אמאל איז געוועזען דער „טפלנו" דער עיקר, ער האט געטפלט, געפלוידערט, האט זיך אגב, פארבייגייענדיג אויס געפלוידערט א „שקר" אויך און היינט איז טאקע דער „שקר" געווארען דער עיקר. היינט איז דאך א קשיא: ווי אזוי קאן דער זעלבער לאקאמאטיוו, דער זעלבער „זכרנו לחיים", וואס ער האט געשלעפט פאר צייטען די ליידיגע וואגאנעס שלעפען היינט געלאדענע וואגאנעס מיט אשמנו, מיט גזלנו, מיט שקר, תרמית, לשון הרע ורכילות?

נאר הערט זיך צו, היילינגע אידען! וואס איך וועל אויף דערויף ענטפערען: אין אמת'ן איז טאקע דער לאקאמאטיוו, דאס הייסט דער „זכרנו לחיים" היינטיגע יאהרען אויך אנדערש ווי אין די פארציימיגע יאהרען איז געוועזען, גאנץ אנדערש, פיל שטארקער און פיל גרעסער. לאמיר זעהן: פאר צייטען אז א איד איז געקומען בעטען זכרנו לחיים? אין וואס איז בעשטאנען זיין זכרנו לחיים? וואס האט ער פארלאנגט צום לעבען? ער

האָט פאַרלאַנגט „לחם לאכול״ אַפּראָסטע שטיקעל ברויט צום עסען, „ובגד ללבוש״, אַפּראָסטען בגד צום אָן טאָן, אַזוי פאַר זיך און אַזוי פאַר זיין ווייב און פאַר זיינע קינדער, און וואָס פאַרלאַנגט היינט אַ איד ווען ער בעט „זכרנו לחיים״ ? אוי! היינטיגער לעבען פאָדערט גאָר אַנדערש ווי עס האָט געפאָדערט פאַרצייטיגער לעבען. קיין פּראָסטע ברויט קאָן ער ניט עסען, דאָס ווערט איהם שאַדען צו זיין געזונט, קיין פּראָסטען בגד קאָן ער ניט אָן טאָן דאָס ווערט איהם שאַדען זיין קרעדיט, מען מוז וואויהנען ווי אַ מענש מיט גרויסע זאַלען, מיט טייערע שפּיגלען, מיט גוטע מעבעל. און ווער רעדט אַז מען האָט נאָך ערוואַקסענע טעכטער ביי היינטיגע צייט, דוכט זיך אַז אַלע מיני קליידער און תכשיטין וואָס ישעי׳ הנביא האָט גערעכענט אין קאַפּ׳ ג׳ פון די בנות ירושלים איז נאָך ביי היינטיגע צייט אויך ווייניג, אויסער די אַלע פערגעניגענדען וואָס מ׳סטראָיעט ביי אַ סעודה. היינט פאַרשטייט מען שוין פיל שטאַרקער דער לאָקאָמאָטיוו פון „זכרנו לחיים״ איז היינט קעגען פאַרצייטען. נאָך מער, אַפאַרצייטיגער „זכרנו לחיים״ האָט פאַרנומען אַגאַנץ קליינעם קרוג. דען פאַר וועמען בעט אַמענש „זכרנו לחיים״ ? פאַר זיך מיט זיינע קינדער. וואו האָבען זיך געפונען זיינע קינ־דער ? אַלע זיינען געוועזען אַרום איהם, אין איין הייפעלע אין איין ווינקעלע אין בית המדרש, האָט ער געבעטען „זכרנו לחיים״ אָט פאַר דעם ווינקעלע. ווי גרויס איז אָבער דער קרוג פון „זכרנו לחיים״ ביי היינטיגע יאָהרען ? הייליגע אידען! וואו זיינען היינט אונזערע קינדערלעך ? ! צושפּרייט אין דער גאַנצער וועלט! אין אַמעריקאַ אין אַפריקאַ און אין אויסטראַליען! אוי, ווי גרויס דער קרוג פון „זכרנו לחיים״ איז, וואָס אַ איד בעט היינט! נאָך מער, פאַרצייטיגע יאָהרען איז ניט נייטיג געוועזען צו בעטען פאַר די קינדער, מען איז זיכער געווען אַז די קינדער וועלען בעטען פאַר זיך אַליין. אָבער היינט ?.. היינט מוזען מיר בעטען פאַר זיי !... נאָך מער. פאַר צייטיגע יאָהרען האָט מען אין אַלע פאַלען ניט געדאַרפט אינטערעסירען זיך וועגען פרעמדע, יעדערער האָט פאַר זיך געבעטען לעבען, ער האָט פאַר זיך געבעטען געזונט, ער האָט פאַר זיך געבעטען פרנסה. והיינט אָבער ? היינט מוז ער בעטען פאַר יענעם וואָס ער וואָהנט אין זיטאָמיר, ווייל ער האָט איהם אַרויס גע־שיקט סחורה אויף אַנאַכנאַמע דאַרף ער בעטען פרנסה פאַר איהם ער זאָל קאָנען די נאַכנאַמע לייזען, פאַר אַ צווייטען וואָס וואָהנט

אין בערדיטשוב, ווייל ער איז איהם שולדיג אויף א וועקסעל ער זאל קאנען דעם וועקסעל צאלען אין דער צייט. פארשטייען מיר אז היינטיגער „זכרנו לחיים" פארנעמט אגאנץ גרויסען קרוג און האט אגאנץ שטארקען קראפט און ער האט טאקע בכח צו שלעפען געלאדענע וואגאנעס מיט אשמנו און על חטא.

נאר חאטשי ראש השנה איז פאר יום כפור, דאך בשעת מען בעט „זכרנו לחיים" ראש השנה דארף מען האבען עפים די יוםכפורדיגע אויך אין זינען און תשובה טאן וועט דער בוי"ת מוחל זיין די עבירות און אן שרייבען אגוט יאהר, דעריבער בעטען מיר אויך ראש השנה אז ער זאל אונז איין שרייבען אין דעם ספר פון סליחה ומחילה דען אזוי ווי די וואגאנעס דארפען זיין צו געבונדען צום לאקאמאטיוו, אזוי דארפען זיין צונויף געבונדען די ענינים פון ראש השנה מיט די ענינים פון יום כפור, און דאס איז דורך דעם וואס מיר בעטען אויך אום ראש השנה סליחה ומחילה

לויט ווי מיר האבען שוין ערקלערט איז דער אונטערשייד פון סליחה צו מחילה: סליחה הייסט וואס דער בוי"ת היילט דעם פעלער פון דער עבירה וואס זי האט געמאכט אין נפש פון מענשען. און מחילה הייסט וואס דער בוי"ת איז מוחל וואס מען האט געטאן קעגען איהם און ער באשטראפט נית פאר דעם. סליחה בעטען מיר אלעם וואס ער איז „אבינו", אונזער פאטער, און מחילה בעטען מיר אלעם „מלכנו" וואס ער איז אונזער קעניג. גרינגער צו בעטען איז ביי א פאטער אוידער ביי א קעניג דערום זיינען מיר מקדים פריער סליחה און נאכהער מחילה, און בעטען כתבנו בספר סליחה ומחילה.

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ הַצְמַח לָנוּ יְשׁוּעָה בְּקָרוֹב:

## אונזער פאטער אונזער קעניג, מאך שפראצען פאר אונז אהילף באלד.

ביי די גרויסע פראפעסארען אין אויסלאנד ווערט געגעבען די פאציענטען צעטלען מיט נומערען, און דער וואס קומט

פריער באקומט א פריערדיגען נומער און ער ווערט גיכער אנגענומען ביין פראפעסאר. עס האט אבער אמאל פאסירט אז עס איז געקומען אנגעפערליכער קראנקער וואס עס איז ניט געוועזן מעגליך פאר איהם צו ווארטען ביז עס וועט קומען זיין אצערער, האט ער אנגעהויבען קלאפען צום פראפעסאר ער זאל איהם גלייך עפענען, דען די קראנקהייט איז אנגעפעהרליכע. דער פראפעסאר האט געפרובט זאגען ער זאל געהן ביי אנאנדער דאקטאר. דען ער קאן איהם פאר דער צייט ניט אננעמען. האט דער קראנקער געענטפערט אז ער איז שוין געוועזן ביי אפולע דאקטורים און געטאן די אלע מיטלען וואס זיי האבען איהם געגעבען און עס האט איהם ניט געהאלפען, דערום איז ער צו איהם געקומען אז ער מיט זיין גרויס חכמה זאל אויס געפינען עפעס אנייעס מיטל פאר איהם, און אין דעם ניטיגט ער זיך טאקע וואס גיכער ווייל די קראנקהייט איז זייער אנגעפעהרליכע און ער קאן מעהר ניט ווארטען.

דאס זעלבע איז מיט אונז, הייליגע ברידער! די געפאר איז אזוי גרויס אז מיר האבען קיין קרעפטען צו ווארטען ביז עס וועט קומען אונזער אצערעד, מיר האבען אב געטאן אלע מיטלען און עס איז אן נוצען געווען, און מיר האבען שוין קיין אנדער הילף ניט, מיר מוזען זיך ווענדען צום גרויסען פראפעסאר, צום בוי"ת אז ער זאל אויסגעפינען פאר אונז א נייעם מיטעל, אנייע הילף, איידער עס וועט קומען די צייט נאר בקרוב, באלד.

ווען דער דאקטאר גיט דעם קראנקען א רעצעפט דארף דער קראנקער נעמען דעם רעצעפט צוליב זיינע אייגענע נוטצען, אבער אויב ווען דער קראנקער וויל זיין געזונט ניט פאר היטען און איהם אליין ארט ניט פאר זיך, דארף דאס דעם דאקטאר ניט ארען. ווי איז אבער ווען אזעלנער גייט אין שטרייט און ער איז געווארען פאר־וואונדעט אבער ער קאן נאך געהיילט ווערען און גיין ווייטער אין שטרייט, און מען האט איהם אריין נעלייגט אין שפיטאל און געגעבען מיטלען, און ווען ער וועט די מיטלען ניט נעמען, איז ניט גענוג וואס ער וועט ליידען שמערצען פון זיינע וואונדען, איז דאס אויך אגרויסער פארברעך געגען די רעגירונג, ווייל דאמיט מאכט ער זיך ארויס פון צו דינען דעם קעניג. דאס זעלבע איז אויך מיט אונז, הייליגע אידען! די רפואות וואס השי"ת גיט אונז איז אויסער דעם וואס זיי זיינען פאר אונזערע נוצען, איז דאס אויך אבאפעל פון בוי"ת און מיר מוזען דאס פאלגען, און אויב מיר

וועלען ניט פאלגען איז אויסער וואס מיר וועלען בלייבען פאר־וואונדערטע וועט דאס נאך זיין אגרויסער פארברעך קעגען בוי"ת און ער וועט דאפיר שטארק באשטראפען.

אויף נאך אפאל שטרייננט אן דער דאקטאר זיינע קרעפטען אז דער קראנקער זאל נעמען די מעדעצין און טאן די מיטלען וואס ער האט איהם פאר ארדענט. און ער וועט זיך ניט בענוגענען דאמיט וואס דער קראנקער וועט ליידען די שמערצען פון זיינע וואונדען. אויב דער קראנקער איז דעם דאקטארס אזון, דאמאלסט וועט דער דאקטאר אן ווענדען אלע קרעפטען צו ווירקען אויפ'ן קראנקען ער זאל נעמען די רפואות און ער זאל ווערען געהיילט פון זיין קראנקהייט.

היינט לאמיר זיך פארשטעלען: אז דער קראנקער וואס איז געקומען צום פראפעסאר קלאפען אין טהיר ער זאל איהם עפענען בעפאר עס איז געקומען די צייט, האט איהם שוין דער פראפעסאר געגעבען מיטלען און ער האט פארבראכען און האט די מיטלען ניט גענומען, וועט איהם שוין דער פראפעסאר ענטפערען? געוויס ניט. טא ווי אזוי קאנען מיר קומען בעטען דעם בוי"ת ער זאל פאר אונז אויספינדען אמיטעל און אין גיכען, ווען ער האט אונז שוין לאנג פארזאגט מיר זאלען נעמען זיינע מיטלען און מיר האבען ניט גענומען?

מיר האבען דאך אבער פריער ערקלערט צוויי פאלען ווען דער דאקטאר אינטערעסירט זיך אז דער קראנקער זאל יא נעמען זיינע מיטלען אפילו ווען ער האט איהם שוין אמאל ניט געפאלגט. איינס ווען דער קראנקער איז דעם דאקטארס אזון, דאן רעכענט ער זיך ניט מיט זיין כבוד וואס ער האט איהם ניט געפאלגט, אדער דער קראנקער איז אזעלנער וואס דארף נאך געהן אין דער מלחמה, דאן נויט מען איהם נעמען די רפואות ער זאל נאך קאנען גיין דינען דעם קעניג. דאס בעטען מיר איצט: „אבינו" ער זאל זיך מיט אונז רעכענען אדער ווי א פאטער מיט קינדער און זאל ליינען זיין רחמנות אויף אונז אדער: „מלכנו" ווי א קעניג מיט זיינע זעלנער וואס זיי דארפען איהם דינען. „הצמח לנו ישועה בקרוב".

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ הָרֵם קֶרֶן יִשְׂרָאֵל עַמֶּךָ:

## אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנְזֶער קֶעניג, עֶרְהוֹיב דִי הֶערְשַׁאפְט פוּן דַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל.

אֵיינער אַגרוֹיסער גביר האָט געהאַט אַנ'אָרעָמעָן קרוב, יעֶדעֶר מאָל וואָס עֶר פלעֶגט קומעָן זיך פארהעָלפעָן צו איהם, פלעֶגט עֶר איהם אויסהעָלפעָן מיט אשיינע נדבה. די געֶלט פלעֶגט ביי איהם אוועק געהן, צושלאָגעָן ווערעָן, און עֶר איז ווידער געקומעָן דער זעָלבער אָרעָמאַן ווי פריער. דעָם גביר איז שוין נמאס געוואָרעָן צו געבעָן איהם רק נדבות און דעָם אָרעָמאַן איז אויך שווער געוועָן צו בעָטעָן אלע ווילע. איין מאָל איז געקומעָן דער אָרעָמער קרוב צום גביר און זאָגט צו איהם: אמת טאקי דו ביסט זייער אנדיב-לב, אגוט-הערציגער וואָס עֶס איז ניטאָ דיין גלייכעָן, אָבער צי קאָנסטו מיך שטענדיג שטיצעָן אלעָס אָרעָמאַן מיט נדבות? גלייכער איז אז דו זאָלסט ניט באהאלטעָן דיין יחוס צו מיר און זאָגעָן אָפעָן פאר אלעָמעָן אז איך בין דיינער אקרוב און מאַך מיר אקרעדיט אין אבאנק וועָל איך מיר מאכעָן אגעשעפט וואָס איך זאָל קאָנעָן האָבעָן חיונה פאר מיר מיט מיינע קינדער, וועָל איך ניט דארפעָן קומעָן צו דיר יעֶדעָן מאָהל בעָטעָן הילף. דער גביר האָט אזוי געטאָן און עֶר האָט נעגעבעָן ערבות פאר איהם אויף אסומע געלט, און חען אלע האָבעָן געוואוסט אז דער מענש איז אפריינד פון דעָם גביר, האָבעָן זיך געפונעָן פיל מענשעָן וואָס האָבעָן מיט איהם געשעָפט געמאכט, און דער געשעָפט האָט איהם באגליקט, עֶר איז געוועָן גליקליך און דער גביר איז אויך געוועָן צופרידעָן.

דאָס זעָלבע איז מיט אונז, היילינגע אידעָן! מיר קומעָן יעֶדעָר מאָל בעָטעָן דעָם בוי"ת עֶר זאָל אונז העָלפעָן פון אונזערע צרות און באפרייעָן אונז פון אונזערע נויטעָן. מיר זיינעָן פאריאָגט פאר פלאָגט, אָבער דאָס איז דאָך ניט מער ווי אדערוויילינגע הילף. קומעָן מיר יעָצט בעָטעָן ביי איהם אז עֶר זאָל אונז העָלפעָן שוין אַ אייביגע הילף. דו האָסט דאָך—רבש"ע—שוין מודה געוועָן אז דו ביסט אונזער אַ קרוב, ווי עֶס שטייט אין פסוק: „לישראל עם קרובו", אָבער כל זמן די זאַך איז נאָך ניט פאָפולער אויף דער וועָלט איז

דאָס נאָך פֿאַר אונז קיין גרויסע נוצען ניט, דערום בעטען מיר דיר איצטער אַז דו זאָלסט דאָס מפרסם זיין אויף דער גאַנצער וועלט אַז דו ביסט אונזער קרוב זאָלען אַלע וויסען דעם יחוס דיינעם צו אונז, וועט אונזער נאָמען געאַכטעט ווערען צווישען די אומות העולם, און זיי וועלען זיך ווענדען צו אונז מיט גרויס עהרע, אָט דאָס בעטען מיר: „הרם קרן ישראל עמך".

דאָס איז דאָך אָבער אַלץ גערעדט אַז מיר וועלען זיך אויך מתייחס זיין מיט אונזער קרובשאַפט צו איהם, ווי איז אָבער אַז מיר וועלען זיך פון איהם ערוויטערען, ווי קאָנען מיר פערלאַנגען פון איהם אַז ער זאָל זיך ארויסווייזען פאַר אַקרוב צו אונז? נאָר מיר געפינען אָבער די גמרא זאָגט אין סנהדרין דף צ"ז לדעת ר' יהושע): „ישראל בין עושין תשובה ובין אין עושין תשובה נגאלין" סיי אידען וועלען יאָ טאָן תשובה, סיי אידען וועלען ניט טאָן תשובה וועלען זיי אַלץ אויסגעלייזט ווערען. דער אונטערשייד איז נאָר אין דעם: אויב זיי וועלען טאָן תשובה זיינען זיי גלייך ווי קינדער, דען אַקינד באַדינט דעם פאָטער מיטען גוטען ווילען. און אויב זיי פון זיך אַליין וועלען קיין תשובה ניט טאָן נאָר ע"פ גויט, ווערען זיי ניט גערעכענט פאַר קינדער נאָר פאַר קנעכט. דערום בעטען מיר, סיי מיר וועלען טאָן תשובה מיטען גוטען ווילען ווי אַ קינד און דו ביסט „אבינו" אונזער פאָטער, און סיי מיר וועלען טאָן תשובה ע"פ נויט און דו ביסט, „מלכנו" אונזער קעניג, אין אַלע פאַלען „הרם קרן ישראל עמך".

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ הָרֵם קֶרֶן מְשִׁיחֶךָ:

## אונזער פָאטער אונזער קעניג. ערהויב דעם האָרען פון דיין געזאַלבטען.

איינער אַ מענש איז געגאַנגען אין גאַס, זעהט ער ווי אין גאַס שטייט אַ אָרעמער קינד און איניגע קינדער פון רייכע עלטערען רייצען זיך מיט איהם, שלאָגען איהם און שטויסען איהם פון איינעם צום אַנדערען, און מענשען גייען פאַר ביי און קיינער רעדט ניט קיין וואָרט, און דאַמיט גיבען זיי די קינדער צו מעהר מוטה

צו רייצען זיך און צו שלאָגען נאָך מעהר דעם אָרעמען קינד, דען ווי זעהן אַז ער איז ע'רענד און עס איז ניטאָ ווער עס זאָל איהם קומען צו הילף. איז דער מענש צוגעגאַנגען צו די קינדער און האָט זיך אויף זיי אָנגעבייזערט און אָן געשריען, און האָט זיי געזאָגט אַז זיי זאָלען ווייטער מיט איהם זיך רייצען וועט ער זיי באַשטראָפען. ווי די קינדער האָבען געזעהן אַז דער אָרעמער קינד האָט אויך אַבעשיצער פאַר זיך, ער האָט אויך ווער עס זאָל זיך פאַר איהם אָננעמען, האָבען זיי שוין איהם מעהר ניט אָן גערירט, זיי האָבען איהם שוין געלאָזען צורוה. די גמרא זאָגט אין סוטה (דף מ"א): משל של יעקב ועשו למה הדבר דומה לאדם שזימן את חברו והכיר בו שמבקש להרגו אמר לו טעם תבשיל זה שאני מועם כטעם שטעמתי בבית המלך, אמר לו ידע לו מלכא מסתפי ולא קטל לי', יעקב האָט געזאָגט צו עשו'ן „ראיתי פניך כראות פני אלקים ותרצני". איך זעה דיין געזיכט איז ריכטיג ווי איך האָב געזעהן די געזיכט פון מלאך, זאָגט די גמרא דערצו אַמשל: ווי איינער האָט פאַר בעטען דעם צווייטען צו מיטאָג, האָט ער דערקאָנט אָן יענעם אַז ער וויל איהם הרגנ'ן. זאָגט ער צו איהם: דער עסען וואָס איך עס דאָ האָט דעם זעלבען טעם ווי דער עסען וואָס איך האָב געגעסען ביין קעניג אין הויז האָט יענער דערהערט אַז ער האָט בעקאַנטשאַפט ביין קעניג אין הויז האָט ער מורא געהאַט פאַר איהם און האָט איהם ניט געהרגעט. אַזוי האָט איהם יעקב געגעבען אַ אָן צו הערע־ניש אַז ער טרעפט זיך מיט מלאכים כדי עשו זאָל מורא האָבען פאַר איהם. דאָס זעלבע געפינען מיר אין פסוק (תהלים קל"ב): „שם אצמיח קרן לדוד ערכתי נר למשיחי, אויביו אלביש בושת ועליו יציץ נזרו". דאָרטען וועל איך מאַכען שפּראָצען דעם האָרען צו דוד המלך. איך האָב צו געגרייט אַליכטיגקייט צו מיין געזאַלבטען זיינע פיינד וועל איך מאַכען אָן קלײדען מיט שאַנד און אויף איהם וועט שיינען זיין קרוין, דאָס זעהט מען אַז פון די שאַנד וואָס עס וועלען ליידען די פיינד וועט זיין ליכט אויף געלויכטען ווערען.

הײליגע אידען! מיר זעהען אַז איצט איז די אמונה אין ביאת המשיח זייער שוואַך געוואָרען, פאַר וואָס איז דאָס אַזוי? ווייל מען זעהט אַז דער איד האָט קיין ווערט ניט, מען טרעט איהם אומעטום מיט די פיס, וואָס איינער וויל רעדט ער אויף איהם, און וואָס איינער וויל טוט ער איבער איהם, דאָס איז אַלץ ווייל דער איד איז עלענד און ער האָט אויף זיך קיין באַשיצער ניט, ווען אָבער

אַז דער בוי״ת וועט אָנפאַנגען צו דער הויכֿען דעם אידען און ער וועט מאַכֿען צו שאַנדע זיינע גענגער, דאַן וועט מען זעהן אַז דער איד איז עפּיס אויך אַ מענש. און דאַן וועט מען זיך קאָנען פאָרשטעלען און גלויבען אין דעם אידישען צוקונפט. דאָס וואָס דער בוי״ת וועט אונז אויף הויבען איז ווייל ער איז „אבינו“, אונזער פאָטער, און דאָס. וואָס ער וועט נעמען ראַכֿע פון אונזער פיינד איז ווייל ער איז „מלכנו“ אונזער קעניג, דאָס בעטען מיר איהם: „הרם קרן משיחך“.

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ מַלֵּא יָדֵינוּ מִבִּרְכוֹתֶיךָ:

## אונזער פָאטער אונזער קעניג, מאַך פול אונזערע הענד מיט דיין גליק.

איינער אַדאָרפסמאַן איז געקומען אין שטאָט אין אַ ווייַן געשעפט מיט זיינע אַפּעסעלע קויפען וויין. מען האָט איהם אין געשעפט אָן געגאָסען די פּעסעלע וויין און מען האָט איהם אריין געלייגט אין זיין וואָגען און ער איז אַוועק געפאָרען אַהיים, ער קומט אַהיים ער נעהמט אַראָב די פּעסעלע פון פור, זי איז אַליידינגע, לויפט ער אין שטאָט אין וויין געשעפט מיט אַגעוואַלד: וואָס האָט איהר מיר אָב גענאַרט? איך האָב דאָך באַצאָהלט געלד, וואָרום האָט איהר מיר קיין וויין ניט געגעבען? זיי וויסען אָבער אַז זיי האָבען איהם יאָ געגעבען אַפולע פּעסעלע מיט וויין. זיי בעטראַכֿטען די פּעסעלע זעהען זיי אַז די פּעסעלע איז אַרינענדיגע, די קלעפקעס זיינען קרומע און עס פּאַסט זיך ניט צו איין קלעפּקע צו דער צווייטע, האָבען זיי איהם באַוויזען אַז זיי זיינען ניט שולדיג וואָס די וויין איז אַרויס פון פּעסעלע, דען זיי האָבען איהם אָן געגאָסען די פּעסעלע אַפולע מיט וויין און וואָס די וויין איז אַרויס ווייל די פּעסעלע איז געווען אַשלעכֿטע, אַרינענדיגע, דאָס איז ניט זייער שולד.

און דאָס זעלבע הייליגע אידען איז מיט אונז אויך! די גמרא זאָגט: „לא מצא הקב״ה כלי מחזיק ברכה לישראל אלא השלום“. דער בוי״ת האָט ניט געפונען קיין כלי גיאָס זאָל אויף האַלטען די

ברכה פאַר אידען נאָר שלום, דאָס הײַסט אַז דער בוי"ת ניט ברכה פאַר אידען נאָר מען דאַרף האָבען אַ כלי וואָס עס זאָל די ברכה אויף האַלטען, איז דאָס נאָר דער שלום, דען דער כלל ישראל איז גערעכענט פאַר איין כלי און יעדערער איינציגער איד איז נאָר אַקלעפּקע פון דער גרויסער כלי, איז ווען די אידישע הערצער זײַנען נאָהענט איינע צו די אַנדערע הײַסט דאָס אַז די כלי איז אַגאַנצע און עס האַלט זיך איין דאָס וואָס מען גיסט אין איהר אַרײַן. אָבער ווען די אידישע הערצער זײַנען פונאַנדער גערוקט איינע פון די אַנדערע הײַסט דאָס אַז די כלי איז ניט קײַן גאַנצע קאָן זיך ניט איינהאַלטען אין איהר וואָס דער בוי"ת גיסט אַרײַן אין איהר.

נאָר צו זײַן אַגאַנצע כלי איז נאָך ניט גענוג וואָס די קלעפּקעס זאָלען זײַן נאָהענט איינע צו די אַנדערע, נאָר יעדער קלעפּקע באַזונדער מוז אויך גאַנץ זײַן און זי דאַרף זײַן צו געפּאַסט צו דער צווײַטער. דאָס זעלבע איז מיט אונז, הײַליגע אידען, אַנדערש קאָנען מיר ניט רעכענען זיך פאַר אַגאַנצע כלי סײַדען אַז יעדערער איינ־ציגער מענש דאַרף זײַן גאַנץ פאַר זיך און נאָכהער צו געבונדען צום צווײַטען, דערום בעטען מיר דעם רבש"ע ער זאָל אונז העלפען דערצו מיר זאָל זײַן גאַנץ יעדערער פאַר זיך, דאָס בעטען מיר אַלעס „אבינו" וואָס ער איז אונזער פאָטער. און ווידער בעטען מיר ער זאָל אונז זײַן צו הילף, מיר זאָלען זײַן געבונדען מיטען צווײַטען מיטן כלל ישראל, און דאָס בעטען אַלעס ער איז „מלכנו", אונזער קעניג, און דאַן וועט זײַן די כלי אַגאַנצע וועט ער ערפילען אונזער געבעטס וואָס מיר בעטען: „מלא ידינו מברכותיך".

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ מַלֵּא אֲסָמֵינוּ שָׂבָע:

**אונזער פאָטער אונזער קעניג, מאַך פול אונזערע אוֹצְרוֹת מיט זעטיגקייט.**

אנביר האָט געמאַכט חתונה זײַנע אַקינד, און האָט אויך אַמאָל־ צײַט געמאַכט פאַר אָרעמע לײַט. אויפ'ן מאָלצײַט זײַנען געקומען פון

די אָרעמע לייט פֿאַרשידענע מענשען; צום טיש האָט מען דערלאַנגט פֿערשיעדענע מאכלים פֿון דער פֿולער האַנד ווי עס פּאַסט פֿאַר אַגרויסען גביר. די אָרעמע לייט זיינען געזעסען נעבּיך אַלע הונגעריגע האָבּען זיי זיך צו געכאַפּט צום עסען און האָבּען זיך אָן געגעסען צו זאַט. נאַכהער האָט מען דערלאַנגט נאָך אַנגעריכט, די אָרעמע לייט האָבּען שוין מער ניט געקאָנט עסען, איינינגע פֿון זיי האָבּען זיך דערפֿון ניט באַקימערט וואָס זיי קאָנען מער ניט עסען אַבי זיי זיינען זאַט, זיי האָבּען דעם הונגער פֿאַרטריבּען. זיי האָבּען דעם בעה"ב, דעם בעל שמחה געדאַנקט און געבּענטש און זיי זיינען אַוועק געגאַנגען, דער בעה"ב פֿרעגט זיי וואָרום עסט איהר ניט מעהר, מען האָט דאָך דערלאַנגט נאָך גוטע זאַכען צום טיש? ענטפֿערען זיי, מיר זיינען ניט געקומען צו זוכען קיין פֿערגניגען פֿון די גוטע מאכלים מיר זיינען נאָר געקומען דעם הונגער פערטרייבּען, און ווי באַלד אַז מיר האָבּען שוין געגעסען צו זאַט זיינען מיר זייער צופֿרידען, האָט זיי דער בעה"ב געגעבּען שיינע נדבות און זיי זיינען אַוועק אַהיים לשלום. עס האָבּען זיך אָבּער אויך געפֿונען אַנדערע אָרעמע לייט וואָס זיי האָט פֿאַרדראָסען וואָס זיי קאָנען ניט עסען פֿון די גוטע געריכטען וואָס מען האָט אָן געשטעלט אויפ'ן טיש, זיינען זיי אַרום געגאַנגען אין דרויסען און זיי האָבּען קינסטליך אויסגעבּראָכען די פֿריערדיגע עסענס וואָס זיי האָבּען געגעסען כּדי זיי זאָלען קאָנען מעהר עסען, און אַזוי האָבּען זיי געטאָן בּיי די ווייטערדיגע געריכטען. דער בעה"ב האָט דאָס אַלץ צו געזעהן און ער האָט געשוויגען. ווען זיי זיינען אַוועק געגאַנגען און זיי האָבּען זיך געזעגענט מיט'ן בעה"ב האָט ער זיי אָבּער גאָר ניט געגעבּען קיינע נדבות, ווען זיי פֿרעגען איהם פֿאַר וואָס האָט ער יענע געגעבּען אַזעלכע גרויסע נדבות און זיי ניט? האָט ער זיי געענטפֿערט: יענע, די פֿריערדיגע אָרעמע לייט זיינען געקומען אַלס נויט באַדערפֿטיגע, זיי האָט געדריקט דער הונגער, דען ווי זיי זיינען זאַט געוואָרען זיינען זיי שוין אַוועק געגאַנגען און זיי האָבּען קיין פֿערגניגען געהאַט אויפ'ן מאָלצייט, האָב איך זיי געגעבּען שיינע נדבות זיי זאָלען אויך האָבּען פֿאַר זייערע הויז געזינדען דעם הונגער צו פֿאַרטרייבּען. אָבּער איהר זייט דאָך געקומען צו האָבּען פֿערגנ־ניגען, און דאָס האָט איהר דאָך ערגרייכט, טאָ וואָס זשע ווילט איהר מעהר? דאָס זעלבּע זאָגט דער פסוק (משלי יג): „צדיק אוכל לשובע נפשו ובטן רשעים תחסר". דער צדיק עסט צו זאַט, און

ווי באַלד אַז ער איז זאַט געוואָרען דאַרף ער שוין ניט מער, ער זוכט ניט קיין פערגעניגען פון זיין עסען. אָבער דער רשע באַנוגענט זיך ניט מיט דעם וואָס ער איז זאַט און אַז מען גיט נאָך אַ געריכט ברעכט ער אויס די פריערדיגע ער זאָל האָבען אַ אָרט אַליין אין בויך וואו ווייטער צו פאַקען,—אין פ׳ בחוקותי שטייט: „אם בחקותי תלכו ואת מצותי תשמרו וגו׳ ואכלתם את לחמכם לשבע״. ווען איהר וועט געהן אין מיינע געזעצען און איהר וועט היטען מיינע מצות וועט איהר עסען אייער ברויט צו זאַט, דאָס איז ביין צדיק אַברכה, אָבער ביין רשע איז דאָס גאַר קיין ברכה ניט, אָט דעריבער איז טאַקע ביין מן אַזוי געווען; די צדיקים האָבען געקליבען אַביסל און האָבען זיך דערמיט באַנוגענט און די רשעים האָבען געוואָלט הנאה האָבען פון דעם עסען האָבען זיי געקליבען אַ סך, און זיי האָבען געשטויסען אין אַ שטויסעל און האָבען געקאָכט אין אַ טאָפּ אַרויס צו ברייננגען דערפון פיערלייע געריכטען. דאָס בעטען מיר: „מלא אסמינו שבע״, ער זאָל שיקען אַברכה אין די גידערים אַז וויפיל מען זאָל עסען זאָל מען זאַט זיין דאַמיט.

יעצט וועלען מיר זיך אומקערען צום משל וואָס מיר האָבען געבראַכט. דער בעה״ב חאַטשי ער איז מער געווען צופרידען מיט די אָרעמע לייט וואָס האָבען אָבגעגעסען צו זאַט און האָבען ניט פאַרלאַנגט מעהר קיין פאַרגעניגען צו האָבען פון די גוטע געריכטען וואָס מען וועט נאָך ברייננגען און ער האָט זיך צו זיי בעסער געווענ־דעט, פון דעסטוועגען, ער פון זיין זייט האָט צו גיגרייט פער־שידענע גוטע שפייזען פאַר זיינע געסט און האָט ניט געפאָדערט פון זיי זיי זאָלען זיך אָן עסען צו זאַט מיט וואָס עס איז און זאָלען אַוועק געהן אַהיים. דען אַזוי דאַרף זיין. דער מענש פאַר זיך דאַרף זיך באַנוגענען מיט וואָס עס איז אַבי צו זיין זאַט, אָבער ווען ער נעמט אַ אורח ביי זיך אויפ׳ן טיש דאַרף ער אָן גרייטען פאַר איהם וואָס בעסער צו עסען. די גמרא ברייננגט אויך וויפיל מאָהל: „תתיכה הראוי׳ להתכבד לפני אורחים״, אשטיק פלייש וואָס פאַסט צו דער לאַנגען פאַר אַ ארח. ווי מען דערצייהלט אויף איינעם אַבטלן פון ר׳ יונה כלוצקערס בית המדרש וואָס דעם גאַנצען לעבען האָט ער געלעבט מיט ברויט און מיט באָרשט (זויערס). אַמאָל איז ער זיך מישב און זאָגט צו זיין וויב: דו ווייסט מיין וויב מיר האָבען דאָך אָבגעלעבט אַ לעבען און מיר האָבען נאָך גאָר קיין מאָל אויף אונזער לעבען ניט פאַרזוכט קיין הון און עס קאָן דאָך

זיין אַז מיר ווילען שטאַרבען און ווילען גאָר ניט וויסען דעם טעם פון אַ הון, איז ביי מיר געבליבען אַז מען דאַרף איין מאָל אויפ׳ן לעבען פאַר זוכען דעם טעם פון אַהון. די אַלטע ווייבע האָט איין געשטימט צו זיינע רייד, נעמט ער אַרויס זיין ביימל געלד און גיט איהר אַז זי זאָל גיין קויפען אַ הון און פאַר זאָגט איהר אַז זי זאָל קויפען אַגוטע הון. אַז יאָ עסען איין מאָל אויפ׳ן לעבען אַהון— זאָגט ער דאַרף מען שוין עסען טאַקע אַגוטע הון. די ווייב האָט אַזוי געטאָן. זי איז אַרויס אין גאַס און זי האָט געקויפט די בעסטע הון וואָס איהר האָט זיך געטראָפען צו קויפען, אַלע מענשען האָבען אויף איהר געקוקט מיט פאַרוואונדערונג, זיי האָבען דאָס קיין מאָל פון איהר ניט געזעהן. זי איז אַוועק אַהיים און די הון גלאָזט שעכטען, היינט דאַרף מען די הון קאָכען, זי ווייס אָבער ניט ווי מען קאָכט אַ הון, זי האָט דאָס קיין מאָל ניט געקאָכט. זאָגט צו איהר דער מאַן דער בטלן זי זאָל גיין צו ר׳ יונה׳ן אין קיך וועט איהר די דינסט פאַרנאַנדער זאָגען ווי מען קאָכט אַהון און וואָס פאַר אַצוראַטען מען דאַרף האָבען דער צו, בשמים, געווירצען, און ער האָט איהר געגעבען געלט אַז זי זאָל דאָס אַלץ איין קויפען און צופּראַווען. ווען די הון איז שוין פאַרטיג געוואָרען, זאָגט דער מאַן צו איהר: דו ווייסט מיין ווייב, אַז מען עסט שוין יאָ אַמאָל אויפ׳ן לעבען אַהון, פּאַסט דאָך ניט צו עסען אַ גוטע הון אויף אַפּראָסטען טישטוך און מיט אַ פּראָסטע הילצערנע לעפעל מיט אַלייםענעם טעלער, ווי זיי זיינען געווען געוויינט שטענדיג. גיי צו ר׳ יונה׳ס דינסט וועט זי דיר לייען אַפאָרצעלייענעם טעלער מיט אַ זילבערנע לעפעל. זי האָט דאָס אַזוי געטאָן, און האָט דערצו אַרויס גענומען אַרייניגעם אַ פסח׳דיגען טישטוך פון קאַסטען און געגרייט צום טיש. און דערצו האָט מען נאָך געקויפט אַסטרינאָוועס ליכט און אָן געצונדען גאָר יום טוב׳דיג מיט גרויס פאַראַד. נאָכהער זאָגט דער מאַן צו איהר: אַז אַ גוטע הון צו עסען פּאַסט עפּעס ניט אַליין, מען דאַרף נעמען אַ אורח צום טיש, זי האָט איהם איין געשטימט דערויף אויך. ער איז אַוועק אין בית המדרש און האָט טאַקע געפונען אַשיינעם אורח און האָט איהם געבראַכט אין שטוב און אַוועקגע־זעצט ביים טיש. נאָך דעם זאָגט ער צו דער ווייב: דו ווייסט מיין ווייב וואָס איך וועל דיר זאָגען: אַז מיר האָבען שוין אָב געלעבט אונזער גאַנצען לעבען ביז אונזערע עלטערע יאָהרען אָן אַהון ווילען מיר זיך שוין איצט אויך באַגיין. און די הון זאָל זיין פאַר׳ן אורח.

דערצו האָט אויך די אַלטע אַין געשטימט, וואָס דעם מאַנס רייד איז געוועזן ביי איהר זייער טייער. און זיי האָבען זיך געזעצט ביי אַווינקעל טיש מיט זייער ברויט מיט זויערש ווי זיי זיינען געוועזן געוויינט אַלע מאָל צו עסען, און דעם אורח האָבען זיי מכבד געוועזן מיט די גוטע הון די פעטע וואָס זיי האָבען דאָס פון זיינט וועגען געקויפט צו מקיים זיין די מצות הכנסת אורחים כדין וכדת.

היינט אַז מיר בעטען אויף זעטינגקייט דאַרפען מיר בעטען פאַר זיך פאַר אַנדערע, דער אונטערשייד איז אָבער אין דעם: פאַר זיך, דאַרפען מיר בעטען מיר זאָלען זיין זאַט, און פאַרען צווייטען—מען זאָל קאָנען איהם מכבד זיין מיט עהרע מיט פאַראַד. אין מדרש שטייט: „משל למלך שהי' לפניו מעדנים ובאו לפניו עבדיו ובי"ב ונתן מנה לכל אחד כיון שבא בנו אמר הרי כלו לפניך" אַקעניג איז געוועזן פאַר איהם פערשידענע שפייזען און דאָט אַלעמען מכבד געוועזן, ווי באַלד דער זון איז געקומען האָט ער איהם אַוועק געגעבען אין גאַנצען. דער שטייגער איז אַז אַ גאַסט איז מען מכבד און אַ אייגען קינד גיט מען פון אַלעס וואָס עס איז דאָ. היינט אַז מיר בעטען די בקשה כללית ער זאָל אונז געבען זעטיגקייט בעטען מיר אַלעס קינדער ווייל ער איז „אבינו" אונזער פאָטער, און אַז מיר בעטען די בקשה פרטית צו מכבד זיין דעם צווייטען מיט אַ אויסנאַהם זאַך, דאָס איז אַלעס וואָס ער איז אַ קעניג „מלכנו" ווי עס ווערט געזאָגט אין משל פון מדרש) „מלא אסמינו שבע".

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ שְׁמַע קוֹלֵנוּ חוּס וְרַחֵם עָלֵינוּ:

אוּנְזֶער פָּאטֶער אוּנְזֶער קֶענִיג, הֶער אוּנְזֶער שְׁטִימֶע, בֶּעמִיטְ־לֵייד אוּן עֶרְבַּארְעם זִיךְ אִיבֶּער אוּנְז.

אַ קינד האָט זיך ניט אויף געפיהרט ווי עס דאַרף צו זיין. ער האָט זיך אין שמוב רק געערגערט און געקריגט זיך מיט אַלעמען און פאַרשאַפט דער מוטער מיט די גאַנצע הויז געזינד פיל פאַר־דרוס, האָט דער פאָטער אָן געשריען אויף איהם. דער קינד האָט געוואָלט אין גאַנצען אַראָבוואַרפען פון זיך דעם יאָך פון פאָטער,

אִיז עֶר אַנטלאָפֿעֶן פֿוּן זײַן שטוּב, עֶר האָט גְעָמײַנט אַז דעֶר מִיט וועֶט עֶר פֿאַרבעֶסעֶרעֶן זײַן לאַגעֶ. עֶר האָט טאַקעֶ, דִי עֶרשטעֶ צײַט געֶפֿיהלט זִיךְ אַבִּיסל פֿרײַעֶר, עֶר האָט נִיט געֶהאַט אוֹיף זִיךְ קײַן אוֹיף=זעֶהעֶר. דאָס אִיז אָבעֶר נאָר געֶוועֶן אוֹיף אַ קלײנעֶ ווײַלעֶ, כל זמן עֶר האָט נאָךְ געֶהאַט אַבִּיסל קלײנגעֶלט בײַ זִיךְ אִין קעֶשעֶנעֶ, פֿוּן וועֶלכעֶ עֶר האָט געֶלאַפּט פֿוּן פֿאָטעֶר פֿאַר זײַן אַנטלוֹיפֿעֶן, אָבעֶר ווִי באַלד עֶס האָט זִיךְ געֶעֶנדיגט דִי קלײן געֶלט, דעֶר מִיט האָט זִיךְ אוֹיךְ געֶעֶנדיגט דעֶר פֿעֶרגעֶניגעֶן פֿוּן דעֶם קִינד אוּן דִי פֿרײַהײַט זײַנעֶ. עֶר האָט אָן געֶהוֹיבעֶן פִֿיהלעֶן הוּנגעֶר אוּן נוֹיט, עֶס אִיז אִיהם שוֹין גאַנץ שלעֶכט געֶוואָרעֶן. עֶר האָט זִיךְ שוֹין געֶוואָלט אוּמקעֶרעֶן צוּם פֿאָטעֶר, עֶר האָט זִיךְ אָבעֶר געֶשעֶמט קוּמעֶן אַלײן בעֶטעֶן אִיהם פֿעֶרצײַהוּנג אוֹיף זײַן פֿעֶרברעֶכעֶן. עֶר האָט געֶפּרוּבִּירט בעֶטעֶן אײנעֶם פֿוּן דעֶם פֿאָטעֶרס גוּטעֶ פֿרײַנד, אַז עֶר זאָל בעֶטעֶן דעֶם פֿאָטעֶר פֿאַר אִיהם, אָבעֶר דעֶר פֿאָטעֶר האָט דעֶרפֿוּן נִיט געֶוואָלט העֶרעֶן. עֶר האָט געֶוואָלט אַז דעֶר קִינד זאָל אַלײן קוּמעֶן אִיהם בעֶטעֶן, אוּן כל זמן דעֶר קִינד וועֶט אַלײן נִיט קוּמעֶן אִיהם בעֶטעֶן פֿעֶרצײַהוּנג וועֶט עֶר אִיהם נִיט צוּ נעֶמעֶן. ווען דעֶר קִינד האָט געֶזעֶהן אַז עֶר האָט שוֹין קײַן אַנדעֶר ברירה נִיט, האָט עֶר זִיךְ באַשלאָסעֶן צוּ קוּמעֶן אַלײן אוּן בעֶטעֶן דעֶם פֿאָטעֶר, עֶר האָט זִיךְ אָבעֶר געֶשעֶמט צוּ קוּמעֶן בײַ טאָג אִיז עֶר געֶקוּמעֶן בײַ נאַכט ווען אַלעֶ האָבעֶן שוֹין געֶשלאָפֿעֶן אוּן האָט געֶנוּמעֶן קלאַפּעֶן אִין טִיר, אָבעֶר דעֶר פֿאָטעֶר דאָט אִיהם נִיט געֶוואָלט עֶפֿעֶנעֶן בִּיז וואַנעֶן עֶר האָט אָנגעֶהוֹיבעֶן שרײַעֶן אוֹיף זײַן הוֹיכעֶ שטִימעֶ: טאַטעֶ, העֶלף מִיר! אִיךְ בִּין שוֹין אַלײן געֶקוּמעֶן בעֶטעֶן דִיר פֿעֶרצײַהוּנג אוֹיף מײַנעֶ זִינד וואָס אִיךְ האָב געֶזִינדיגט קעֶגעֶן דִיר. ווִי עֶר האָט אִיהם אוֹיפֿגעֶעֶפֿעֶנט דִי טִיר האָט עֶר צוּ עֶרשט אִיהם געֶבעֶטעֶן פֿעֶרצײַהוּנג וואָס עֶר האָט פֿאַר=בראָכעֶן קעֶגעֶן פֿאָטעֶר זעֶלבסט, מִיט דעֶם וואָס עֶר האָט זִיךְ געֶוואָלט באַפֿרײַעֶן פֿוּן זײַן אוֹיף=זִיכט, נאָךְ דעֶם בעֶט עֶר אִיהם פֿאַרצײַהוּנג קעֶגעֶן דעֶם וואָס עֶר האָט זִיךְ פֿרִיעֶר נִיט געֶפֿיהרט אָרעֶנטלִיךְ אוּן האָט אַרוֹיף געֶצײגעֶן אוֹיף זִיךְ דעֶם צאָרעֶן פֿוּן פֿאָטעֶר מִיט זײַן אַלגעֶמײנעֶ אוֹיף=פִֿיהרוּנג.

דאָס זעֶלבעֶ זאַךְ אִיז מִיט אוּנז, הײליגעֶ אִידעֶן. מִיר האָבעֶן פֿאַר בראָכעֶן! מִיר האָבעֶן געֶזִינדיגט! אוּנזעֶר טאַטעֶ דעֶר בוי״ת האָט אוּנז געֶשטראָפֿט פֿאַר אוּנזעֶרעֶ זִינד, האָבעֶן מִיר זִיךְ גאָר אָב געֶקעֶהרט פֿוּן אִיהם, אוּן עֶס האָט זִיךְ געֶפֿוּנעֶן צווִישעֶן אוּנז

אזעלכע וואס האבען געזאגט . „עזב ה׳ את הארץ״, אז דער בוי״ת גים שוין גאר ניט אכטונג אויף דער וועלט. ווען עס איז אבער געווארען גאנץ שלעכט, האבען מיר זיך ארום געזעהן אז דאס וואס מיר זיינען אנטלאפען פון טאטען דערמיט האבען מיר זיך נאך א סך ערגער געמאכט. דאן האבען מיר געגומען פארשטיין אז די שטראפען זיינען פון בוי״ת, מיר האבען געוואלט זיך צוריק קערען צו איהם דורך זיינע גוטע פריינד, מיר בעטען רק זכות אבות, דער זכות פון אברהם יצחק יעקב זאל אונז בייששטיין. דער בוי״ת וויל אבער אליין הערען אונזערע תפלות, איהם איז געשמאק צו הערען אונזער שטימע, און ער שרייט צו אונז: „הראיני את מראיך״! וויז מיר דיין געשטאלט, דעק מיר אויף דיין צוברא כענע הארץ! „השמיעיני את קולך״, לאז מיר הערען דיין שטימע, „כי קולך ערב״ דען דיין שטימע איז מיר זים צו הערען, „ומראך נאוה״ און דיין געשטאלט איז מיר שיין אנצוקוקען. אלזא קומען מיר יעצט איהם אליין בעטען, אבער „משחרב ביהמ״ק נפסקה מחיצה של ברזל בינינו לבין אבינו שבשמים״ צייט דער בית המקדש איז חרוב געווארען שטייט צווישען אונז און אונזער טאטען אין הימעל א אייזערנע וואנט, דארפען מיר אויף הייבען אונזער שטימע אין דער הויך און שרייען: „שמע קולנו״! הער זיך צו אונזער איינענע שטימע! מיר זיינען אליין געקומען דיר בעטען פערצייהונג. צו ערסט דארפען מיר איהם בעטען וואס מיר דאבען געגען איהם זעלבסט פארבראכען וואס מיר האבען זיך אבגעקעהרט פון איהם, דאס בעטען מיר איהם אלעס „אבינו״ וואס ער איז אונזער „פאטער״ נאכהער בעטען מיר איהם פערצייהונג אויף אונזערע אלגעמיינע פארברעכען, דאס בעטען מיר איהם אלעס ער איז „מלכנו״ אונזער קעניג. חוס ורחם עלינו. דו זאלסט האבען מיט אונז מיטלייד און אויף אונז רחמנות האבען און אונז העלפען.

דער אונטערשייד פון „חוס״ און פון „רחום״ איז, „רחם״ פאסט אויף אזאך וואס האט דעת, חאטשי די זאך האט ניט קיין גרויסען ווערטה, נאר די זאך האט פערשטאנד און זי האט צער, עס איז איהר שווער דעם צער צו פארטראגען פאסט דערויף רחמנות האבען. און „חוס״ איז אויף די זאך וואט האט א ווערטה. זאלעוועט מען דאס מצד די ווערט איהרע. צום בייששפיל: זעלנער זיינען ארוים אין מלחמה און זיי זיינען פארוואונדעט געווארען, אנדערע זיינען די וואונדען גרינגע און אז זיי וועלען ווערען אויסגעהיילט וועלען זיי צוריק גיין אין שטרייט. און אנדערע זיינען די וואונדען זייערע

שווערע און אז זיי וועלען אפילו אויס גע׳הײלט ווערען וועלען זיי שוין אין שטרייט ניט קאָנען גיין, און בײדע ליגען אין שפיטאל און מען היילט זיי; איז אויף די שווער-פארוואונדעטע פאסט צו זאָגען „רחמים", מען האָט אויף זיי רחמנות ווייל זיי ליידען פיל שמערצען, און צוליב דעם היילט מען זיי, און אויף די לייכט-פערוואונדעטע פאסט צו זאָגען „חוס", מען זאלעוועט זיי איבער די נוצען וואָס מען רעכענט צו האָבען פון זיי, דאָס איז אָבער אלץ גערעט ביי אקעניג, וואָס דער זעלנער, ווען ער קאן ניט גיין אין שטרייט האָט ער שוין ביי איהם קיין ווערטה ניט, נאָר ער האָט אויף איהם רחמנות. אָבער ביי א פאָטער, איז אפילו ווען דער קינד איז קראנק און ער נוצט ניט צו קיין ארבייט האָט ער אויך ביי איהם אגרויסען ווערט, דערום פאסט ביי אפאָטער דער וואָרט „חוס" אפילו אויף א קראנקען זון. אָט דאָס זאָגט ער, האָטשי מיר זיינען אזוי צו וואונדעט פון אונזערע זינד אז מיר האָבען שוין ניט קיין גאנצע גליד, פון דעסט וועגען, דו ווייל דו ביסט „אבינו" אונזער טאטע דארפסטו אויף אונז חס זיין (זאלעוועען אונז) וואָרום אזון ביי אפאָטער האָט אין אלעם פאלס אווערט, און ווייל דו ביסט „מלכנו" אונזער קעניג און מיר האָבען ניט קיין ווערט ביי דיר ווייל מיר קאָנען דיר ניט דינען בעטען מיר דיר „רחם" עלינו זאָלסט אויף אונז רחמנות האָבען צו ליב אונזער וועמאָג.

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ קַבֵּל בְּרַחֲמִים וּבְרָצוֹן אֶת תְּפִלָּתֵנוּ:

אונזער פָאטער אונזער קעניג, נעם אויף מיט באַרימהאַרציגקייט און מיט ווילען אונזער געבעט.

איינער א רייכער מאן איז געגאנגען אין גאס דאָט ער גע־זעהן ווי עס וואלגערט זיך ארום אארעמער קינד, א יתום אָן א פאָ־טער און אָן אמוטער, וואָס האָט אויף זיך קיין אויף זעהער ניט, און ליידעט הונגער און קעלט, האָט ער אויף איהם רחמנות געהאָט

און האָט איהם אַרײַנגענומען צו זיך אין שטוב און האָט איהם פֿון גרויס רחמנות געגעבען עסען און טרינקען און האָט איהם בעקליי־דעט און באַנויט, און ער האָט איהם אָבגעגעבען אין אַ חדר לערנען. נאָכהער האָט זיך אַרויס געוויזען אַז דער קינד איז געווען בעגאַבט מיט גוטע פֿעהיגקייטען און געווען אַגרויסער מתמיד, ער האָט זיך גענומען שטאַרק צום לערנען און האָט זייער געשטיגען ביז וואַנען ער איז געוואָרען אַגדול בישראל, דער מענש וואָס האָט איהם צו גענומען איז געווען זעהר צופֿרידען פֿון איהם און ער האָט געגעבען אלויב צום בוי״ת וואָס ער האָט אירם צוגעשיקט אזאַ מציאה צו האָרעווען איהום מיט אַזעלכע כשרונות און אַזעלכע מעלות. אמת, פֿון אָנפֿאַנג דאָט ער דאָס געטאָן נאָר אַלעם רחמנות, וואָס ער האָט געזעהן דעם צער פֿון דעם עלענדען קינד, אָבער נאָכדעם איז ער געווען זעהר צופֿרידען אויך, דאָס איז דער אונטערשייד פֿון „רחמים" צו „רצון", „רחמים" איז וואָס האָט רחמנות אויף יענעם ווייל יענעם איז שלעכט, „רצון" איז אַז ער זעהט דאָס זיינע מעשים ברייננגען נוצען.

דאָס זעלבע זאַך איז מיט אונז, היילינע ברידער! אַז מיר קומען בעטען דעם בוי״ת בעטען מיר פֿריער רחמים, ער זאָל אויף אונז רחמנות האָבען מחמת אונז איז שלעכט, ווייל מיר זיינען אָרעם, אָבער נאָך דעם אַז דער בוי״ת ווערט אויף אונז רחמנות האָבען און מקרב זיין און מיר וועלען נעמען אויף זיך צו דינען איהם און מיר וועלען היטען זיינע מצות, קאָנען מיר האָפֿען אַז ער וועט אויך זיין צופֿרידען מיט אונז.

אַז עס קומט צו איינעם אַ אָרעמער קרוב נעמט ער איהם אָן מיט רחמים, און אַז עס קומט אַרייכער קרוב נעמט ער איהם אָן מיט צופֿריעדענהייט, אַזוי בעטען מיר דעם בוי״ת ער זאָל אונז אָן נעמען סיי מיר זיינען ווערט זיינע התקרבות סיי מיר האָבען עס ניט פֿאַרדינט, זאָל ער אונז פֿריער אָן נעמען מיט רחמים, נאָכדעם ווע־לען מיר קומען צו אַהעכערע מדרגה ער זאָל אונז אָן נעמען אויך מיט צו פֿרידענהייט.

„רחמים" געהערט מעהר צו אַפֿאָטער ווי עס שטייט אין פסוק: „כרחם אב על בנים", ווען אקינד איז אפילו ניט קיין גוטער און ער פֿאַרדינט ניט דעם פֿאָטערס התקרבות פֿון דעסטוועגען ווען ער זעהט אַז דעם קינד איז שלעכט האָט ער אויף איהם רחמנות. „רצון" איז מער שייך צו אַקעניג, דען ע״פ רוב איז דער קעניג מקרב דעם וואָס האָט פֿאַרדינט זיינע התקרבות, דער וואָס דינט איהם גוט;

דאָס בעֶטעֶן מיִר, „אבינו—קבל ברחמים", „מלכנו—קבל ברצון את תפלתנו". אַז עֶר וועֶט פריִעֶר מקבל זײַן ברחמים, וועֶלעֶן מיִר אויף זיִך נעֶמעֶן צו דיִנעֶן איהם וועֶט עֶר נאָכדעֶם אויך זײַן צופריִדעֶן.

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ פְּתַח שַׁעֲרֵי שָׁמַיִם לִתְפִלָּתֵנוּ:

## אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנְזֶער קֶעניִג, עֶפְעֶן דִי טוֹיעֶרֶען פוּן הִימֶעל פַאר אוּנְזֶער גֶעבֶּעט.

אִין אַשטאָט איִז געֶוועֶן ר"ל אַגרוֹיסעֶ שריפה, דעֶר פײַעֶר האָט געֶגרוֹילט נאָהעֶנט צו אשטוב וואָס דאָרטעֶן האָבעֶן זיִך געֶפוּנעֶן מעֶנשעֶן, די שטוּב איִז געֶוועֶן פאַר שלאָסעֶן, די מעֶנשעֶן וואָס זײַנעֶן געֶוועֶן איִנעֶווײַניִג האָבעֶן געֶשריִעֶן צו די מעֶנשעֶן וואָס אויפעֶן גאַס מעֶן זאָל זיי ראַטעֶוועֶן, מעֶן איִז צוגעֶגאַנגעֶן צום טיִר ראַטעֶוועֶן, די טיִר איִז אָבעֶר געֶוועֶן פאַרשלאָסעֶן פוּן איִנעֶווײַניִג, און מעֶן עֶפעֶנט ניִט. די מעֶנשעֶן וואָס זײַנעֶן געֶוועֶן איִנעֶווײַניִג האָבעֶן פוּן שרעֶק געֶחלשט און זיי האָבעֶן ניִט געֶהאַט קײַן קרעֶפטעֶן צו עֶפעֶנעֶן די טיִר, עֶס האָט זיִך נאָר געֶהעֶרט אַפּעֶרשטיִקטעֶר קול: ראַטעֶוועֶט אונז פוּן טוֹיט! מעֶן האָט אָנגעֶהוֹיבעֶן פוּן אויסווײַניִג קלאַפעֶן איִן טיִר גאַניץ שטאַרק, און שרײַעֶן הויך: שטאַרקט זיִך בריִדעֶר! שטאַרקט אֵיינעֶר דעֶם צווײַטעֶן און גײַט צו צום טיִר עֶפעֶנט איהר אויף, דעֶן כל זמן די טיִר איִז פאַרשלאָסעֶן קאָנעֶן מיר פוּן אַייעֶרט וועֶגעֶן גאָר ניִט טאָן. אַלזאָ מוּזט איהר אַליין אָן ווענדעֶן אַלעֶ קרעֶפטעֶן אויף צו עֶפעֶנעֶן דעֶם שלאָס און דאַן וועֶלעֶן מיר אויף עֶפעֶנעֶן די טיִר און מיִר וועֶלעֶן אײַך ראַטעֶוועֶן.

די חז"ל זאָגעֶן איִן דעֶם נאָמעֶן פוּן בוי"ת: „פתחו לי כחודו של מחט ואני אפתח לכם כפתחו של היכל" איהר קיִנדעֶרלעֶך עֶפעֶנט מיִר נאָר אויף אַקלײנעֶם עֶפעֶנונג ווי דעֶר שפיִץ פוּן אַנאָדעֶל וועֶל איִך אײַך שוין עֶפעֶנעֶן אַגרוֹיסעֶ טיִר ווי די טיר פוּן היכל. דאָס הײַסט די איִדעֶן מוּזעֶן זיִך פריִעֶר אַקעֶר טאָן צום רבש"ע און פאַנאַנדעֶר עֶפעֶנעֶן פאַר איהם זײעֶר האַרץ אַביִסל וועֶט שוין דעֶר בוי"ת עֶפעֶנעֶן זיי אַ ברײַטעֶ טיִר, דעֶן ווען מיִר בעֶטעֶן דעֶם בוי"ת מיִט פאַרשלאָסעֶנעֶ העֶרצעֶר איִז קײַן פעולה ניִט, איִן דעֶם בוי"ת

איז קיין שנוי ניטא, ער ווערט ניט איבער געאנדערשט פון דעם מענשענס תפלה, נאר ווען דער מענש איז מתפלל צו איהם דאן ווערט דער מענש אנדערש. פריער איז ער ניט ווערטה געווען אז דער בוי"ת זאל איהם העלפען, און נאכהער ווי ער איז מתפלל ווערט שוין זיין הארץ ווייכער, עס ווערט פאנאנדערגעעפענט די הארץ זיינע, ווערט ער שוין א נאנדער מענש און ער פארדינט שוין די הילף פון דעם בוי"ת, היינט אז א מענש שטעלט זיך מתפלל זיין פאר דעם בוי"ת און ער רעדט נאר מיט'ן מויל די תפלה און די הארץ איז ניט דער ביי, האט ער דאך מיט זיין תפלה נאר נישט אויף געטאן, אלזא ווען דער מענש איז מתפלל און וויל מיט זיין תפלה עפעס פועל זיין מוז ער פונ'נאנדער עפענען די הארץ זיינע. די ריכטיגע פראבע איז ווען זיין הארץ ווערט טאקע פונ'נאנדער געעפענט, ווען ער לאזט נאך ארויס א טרער, אט דאס איז אגעוויסער סימן אז די הארץ זיינע איז אפען, ווי די הייליגע גמרא זאגט „שערי דמעות לא ננעלו". די שערי תפלה זיינען פארשלאסען און די שערי דמעות זיינען ניט פארשלאסען, דען אז א איד איז מתפלל איז מעגליך אז די הארץ זיינע איז נאך פארשלאסען און ער רעדט נאר „מן השפה ולחוץ" מיט'ן מויל אליין, אבער ווען ער לאזט ארויס א טרער, דאן ווייסען מיר קלאר אז די הארץ זיינע האט זיך געעפענט, דאן עפענט דער בוי"ת אויך פאר איהם די טויערען פון הימעל און ער ווירקט אויס אלעס וואס ער פערלאנגט.

אמאל טרעפט אבער אז איינעם אליין איז שווער צו עפענען די טויערען פון הארצען, עס איז איהם שווער צו דערוועקען ד הארץ זיינע, דען ער איז פארהלשט. דאן איז גוט ווען עס קלייבען זיך צוזאמען עטליכע מענשען און אלע צוזאמען דערוועקען זיי איינע די אנדערע, דאן איז גרינג אז יעדערער זאל פאראנאנדער עפענען זיין פערמאכטע הארץ און ארויס לאזען א טרער, דאס איז אווירקליכע פעולה.

אלזא, הייליגע אידען! ווען מיר בעטען די תפלה: „אבינו מלכנו פתח שערי שמים להתפלתנו" דארפען מיר בעטען אלע צוזאמען. מיר דארפען זיך אויף קלייבען צו זאמען אונזערע גייסטליכע קרעפטען, ערוועקען איינער דעם אנדערען און אויף הויבען אונזער שטימע גלייך צו דעם בוי"ת וועט זיך אונזערע הערצער אויך פאנאנדער עפענען דאן וועט אונז השי"ת עפענען די שערי רחמים און מיר וועלען געראטעוועט ווערען.

ווען אײנער איז ווײט פון מענשען און ער קומט בעטען אײנער אלײן בײ דעם בוי"ת, און אין די טעג הערט דאך דער בוי"ת צו די תפלה פון א יחיד אויך, ווי די גמרא זאגט: „ויחיד אימתי מר"ה עד יוהכ"פ". ווען הערט צו דער בוי"ת די תפלה פון א יחיד אין די טעג פון ראש השנה ביז יום כפור, דאן איז זײן בעטען ווי א זון בעט א פאטער פאסט צו רופען איהם, דעם בוי"ת „אבינו" אונזער פאטער, און ווען עס בעטען א צבור אלע צוזאמען דארפען מיר איהם אן רופען „מלכנו" אונזער קעניג, (ברוב עם הדרת מלך). דערום בעטען מיר סײ דו ביסט אונזער פאטער, ד"ה אז א „יחיד" בעט דיר, און סײ דו ביסט אונזער קעניג אז א „רבים" בעטען דיר: „פתח שערי שמים לתפלתנו".

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ זָכוֹר כִּי עָפָר אֲנָחְנוּ:

## אונזער פאטער אונזער קעניג · געדײנק אז מיר זײנען ערד.

אויף א גרויסער אויסשטעלונג זײנען געקומען פארשידענע פאבריקאנטען און זײ האבען געבראכט פארשידענע כלים וואס עס ווערט אויסגעארבײט אין זײערע פאבריקען, אײנער א פאבריקאנט פון גאלד-אויסארבײטונג האט ארויסגעשטעלט אכלי אגאלדענע, זײער פײנע ארבײט, אלע זײנען ענטציקט פון די ארבײט, די קאמיסיע האט דאס בעטראכט און מען האט איהם באשאנקען מיט אגאלדענעם מעדאיל. נאכהער האט אויך א צווײטער פאבריקאנט ארויס געשטעלט זײנע אכלי וועלכע איז געווען אויס-געארבײט אין זײן פאבריק, אויך אגאלדענע נאך פיל שענער פון די ערשטע, אײדעלערע ארבײט און שענערע אויסמעלעכץ. ווער עס האט אקוק געטאן האט געהאט גרויס התפעלות. דאך ווען די קאמיסיע האט זי בעטראכט האט מען איהם נאר געגעבען אזילבערנעם מעדאיל, די מענשען וואס זײנען געווען אויף די אויסשטעלונג זײנען געווען זײער פארוואונדערט. דען אלע האבען געזעהן אז דער צווײטער פאבריקאנט האט פארדינט מער אלס און שעצונג פאר'ן ערשטען, ווײל זײנע

אַרבּײַט איז געװיזען פֿיל שענער און אײדעלער, טאָ פֿאַר וואָס שזע האָט מען איהם נאָר באַשאָנקען מיט אַזילבערנעם מעדאַיל ווען דעם ערשטען האָט מען באַשאָנקען מיט אַ גאָלדערנעם? מען האָט אויף דערויף געמאַכט אַ אָנפֿראַגע אין דער קאָמיסיע. די קאָמיסיע האָט דערויף געענטפֿערט: נײַן קינדערלעך, איהר האָט אַ טעות וואָס איהר שעצט דעם צווייטענס אַרבּײַט מע־ר פֿאַר דעם ערשטענס, איהר מיינט אַז בּיידע פֿאַבּריקען האָבען געאַרבּײַט זייערע כלים פֿון זעלבען מאַטריאַל איז דאָס בײַ אייך אַוואונדער. די זאַך איז אָבער ניט אַזוי, די כלי פֿון דעם צווייטען פֿאַבּריקאַנט איז געאַרבּײַט בלויז פֿון רײנע גאָלד, דערום איז האָטשי די אַרבּײַט איז זייער שײן און איידעל, אָבער דאָך פֿון רײנע גאָלד איז ניט אַזאַ קונסט אויס צו אַרבּײַטען אשײנע כלי, יאָ, אַ מעדאַיל קומט איהם, אָבער נאָר אַזילבערנעם, דער ערשטער אָבער האָט אויסגעאַרבּײַט זײַן כלי פֿון לײם און האָט זי באַגאָלדעט אַז מענשען האָבען אַ טעות און מײנען אַז דאָס איז אויך פֿון גאָלד געמאַכט, דערום קומט איהם שוין אַגאָלדענעם מעדאַיל.

דאָס זעלבע איז מיט אונז, הײליגע אידען! די גמרא זאָגט אין חולין (דף צ״ב) אַז די אידען מוזען זאָגען שירה פֿאַר רבש״ע פֿריער און נאָכדעם די מלאכים. אין פֿלוק איז דאָס אונפֿאַרשטענדליך, פֿאַרוואָס זאָל דאָס זײַן אַזוי? די מלאכים זײַנען דאָך פֿיל העכער פֿאַר׳ן מענשען טאָ פֿאַר וואָס קומט דאָס דער מענש זאָל זאָגען פֿריער שירה פֿאַר זיי? נאָר דער תירוץ איז דאָס וואָס מיר האָבען דאָ געזאָגט. אמת טאַקע, די מלאכים זײַנען פֿײַנער און אײדעלער און שטייען אין אַהעכערען שטאַנד פֿאַר׳ן מענשען, אָבער זיי זײַנען דאָך פֿון רײנע גאָלד, זיי זײַנען דאָך שכלים נבדלים, זיי האָבען דאָך קײן חומר, קײן גוף ניט, און דער מענש איז דאָך עפר מן האדמה, פֿון אַהײפֿעל ערד, און דאָך קען דער מענש אַזוי הויך ערגרײַכען האָטשי ער קען ניט ערגרײַכען די מדרגה פֿון אַמלאך, אָבער נאָך זײַן מאַטעריאַל האָט ער ערגרוילט צו אַגאַנץ הויכע מדרגה. אָט דאָס איז וואָס מיר בעטען: „זכור כי עפר אנחנו״.

קומט אויס אַזוי: אַז דאָס וואָס מיר זאָגען: „זכור כי עפר אנחנו״ ליגט אין דערײַן אונזערע מעלות מיט די פֿעלערען, דען דאָס אַלײן איז דאָך אַפֿעלער, דאָס צוליב דעם קאָנען מיר ניט דינען דעם בוי״ת ווי עס דאַרף צו זײַן, אָבער די מעלה איז, אַז וויפֿיל מיר דינען איהם איז פֿאַר אונז געװונג, עס איז אַ סך, ווײַל

מיר זיינען נאָר עפר. וואָלט דאָך איינענטליך גענוג געווען מיר זאָלען נאָר דערמאָנען די מעלה, ווי וויט מיר דינען איהם יאָ? נאָר ווייל ער האָט דאָך אַגרויסע וועלט מיט מלאכים, שרפים ואופנים וחיות הקדש, וואָס זיי דינען איהם גענצליך וואָלט אונזער דינען איהם גאָר ניט גערעכענט געוועזען ווען מיר וואָלטען ניט געהאַט דעם פעלער „כי עפר אנחנו", קומט אויס אַז די מעלה אונזערע דערמאָנען מיר אַלעס וואָס ער איז „אבינו" אונזער טאַטע, און דעם חסרון דערמאָנען מיר אַלעס וואָס ער איז „מלכנו" אונזער קעניג און האָט אַגרויסע וועלט מיט שכלים נבדלים, דערום בעטען מיר: „זכור כי עפר אנחנו". איז דאדורך, אונזער מעלה גרעסער פאַר זייערע.

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ נָא אַל תְּשִׁיבֵנוּ רֵיקָם מִלְּפָנֶיךָ:

אונזער פאָטער אונזער קעניג. איך בעט דיר דו זאָלסט אונז ניט אומקערען ליידיג פון פאַר דיר.

אַבעל מלאכה האָט געמאַכט פיל אַרבייט ביי אַרייכען מענשען אין הויז, דער גביר האָט איהם געזאָגט אַז אויב די אַרבייט וועט זיין גוט איז חוץ וואָס ער וועט איהם באַצאָלען זיין לוין וועט ער איהם נאָך גאַנץ גוט באַפרידיגען. דער בעל מלאכה האָט גערעכענט צו בעקומען פיל געלט פון גביר, אָבער ווען ער קומט צום גביר בעטען זיין געלט, ענטפערט איהם דער גביר אַז איהם קומט גאָר ניט, דען די אַרבייט זיינע נוצט צו גאָר נישט, און האָט איהם געוויזען די פעלערען וואָס עס איז דאָ אין זיין אַרבייט, אַז אַלץ וואָס ער האָט געמאַכט דאַרף מען איבער מאַכען. דער בעל מלאכה האָט איהם אָנגעהויבען בעטען מיט טרערען: ליבער גביר, האָט רחמנות אויף מיר, מילא די באַפרידעגונג גיט איהר מיר ניט, געגען דעם האָב איך גאָר נישט, איך קאָן דאָס ניט מאָנען. אָבער באַצאָלט מיר חאָטשי פאַר די אַרבייטס לוין איך זאָל ניט קומען צו מיין ווייב און קינדער מיט ליידיגע הענד, און די פעלערען וואָס איך האָב געמאַכט וועל איך ביסלעכוויים פאַריכטען.

דאָס זעלבע איז מיט אונז. המליצע אירען! דער בויית האָט

אונז בּעֶשטעלט מיר זאָלען איהם דינען, ווי עֶס שטייט אין פּסוק „ועבדתם את העבודה הזאת", „ושמרתם את מצותי ועשיתם אותם". און חוץ אייער אַרבּייטס לוין וועל איך אייך געבּען אַ בּעֶפרידיגונג אויך: „והייתם לי סגולה מכל העמים". מיר האָבּען אָבּער פאַרבּראָכען, מיר האָבען אונזער אַרבּייט פאַרדאָרבען, קיין בּעֶפרידענונג קאָנען מיר דאָך געווים ניט פערלאַנגען פון איהם, מיר קומען נאָר צו בּעֶטען דער בוי"ת זאָל אונז פאַר די אַרבּייט בּאַצאָלען און מיר וועלען מיט דער צייט פערריכטען די פעלערען וואָס מיר האָבען געמאַכט, דען דער בוי"ת רעכענט ניט אָב קיין שכר פון אַ מצוה פאַר אַ עבירה וואָס דער מענש האָט געטאָן, סיידען אַז דער מענש האָט חרטה אויף די פריערדיגע מעשים טובים וואָס ער האָט געטאָן, (בהוהה על הראשונות). מיר האָבען אָבער קיין חרטה ניט אויף דעם וואָס מיר האָבען געטאָן גוטע מעשים, נישט מער דען עול הפרנסה האָט אונז געבּראַכט צו זינדיגען, דערום בּעֶטען מיר „נא אל תשיבנו ריקם מלפניך".

אָבּער דאָס דאַרפען מיר וויסען זיין, אַז דאָס אַלעס וואָס מיר בּעֶטען פון בוי"ת ער זאָל מאָן מיט אונז, ליגט אויף אונז אַ חוב, עכ"פ, אַז מיר זאָלען דאָס טאָן איינער מיט'ן צווייטען. און ווי בּאַלד אַז מיר בּעֶטען פון בוי"ת אַז ער זאָל אונז ניט אומקערען ליידיג פון פאַר איהם, דאַרפען מיר זיך אַזוי פיהרען איינער מיט'ן צווייטען, אויב עֶס וועט קומען אַ אָרעמאַן בּעֶטען פון איינעם שטיצע זאָל ער איהם ניט אָבּזאָגען און מקיים זיין די מצוה „והחזקת בו", און בפרט ווי מיר האָבּען ערקלערט (כס' ש"נ) אַז דער כלל ישראל ווערט גערעכענט פאַר איין בנין, און דערום האָבּען געשטימט די קרשים פון משכן און צו געפּאַסט איינער צום צווייטען, האָטשי זיי זיינען געווען גראָב אַ איל, מחמת זיי זיינען געווען מכוון געגען די אידישע הערצער וואָס האָבען געשטימט און צו געפּאַסט זיך איינע צו די אַנדערע, האָבען געשטימט די קרשים אויך איינע מיט די אַנדערע.

אין משכן זיינען געווען קרשים (בּרעטער) מיט אדנים (שוועלען). די אדנים זיינען געווען אונטען און די קרשים זיינען געהען אויבען, די אדנים זיינען געווען פוסט און די קרשים האָבען דערפילט די פוסטקייט פון די אדנים און צוזאַמען איז דאָס געווען דער „משכן", דען זיי האָבען אויפגעהאַלטען איינע די אַנדערע. דאָס זעלבע זיינען די פאָלק אידען, די אָרעמע זיינען די אדנים, וויל זיי זיינען אונטען,

אוּן דיִ רײַכֿע זײַנען דיִ קרשים ווארום זײַ זײַנען אויבען, דיִ אָרעמע זײַנען פּוסט-פֿעלינג, אוּן דיִ רײַכֿע דאַרפֿען ערפֿילען אָט דיִ פֿעליגקײַט מיִט זײַער געלט, דען דיִ אדנים דיִ אָרעמע האַלטען אויף דיִ קרשים זײַ זאָלען זיִך ניִט אַראָב בײַגען. אוּן ריִכֿטיִג וויִ אַמענש בײַ זיִך איִן שטוב אַז ער זעהט אַז דער שטוהל בויגט זיִך, אוּן אויב ער וועט איִהם ניִט אונטערשפּאַרען, וועט זיִך דיִ גאַנצע וואַנט אַראָב בויגען מיִט'ן שטוהל, היילט ער זיִך אונטערשפּאַרען דעם שטוהל בײַצײַטען, אַזוֹי דאַרף זײַן ריִכֿטיִג דער אַלגעמײַנער בנין פֿוּן כלל ישראל.

אוּן דאָס איִז וואָס דיִ תּוֹרה זאָגט: „וכי ימוּךְ אחיך וּמטה ידו עמך והחזקת בו", דער דובנער מגיד ז"ל פֿרעגט וואָס פּאַסט דאָ דער וואָרט „עמך"? וויִ מיִר רײַדען דאָ אָבער גײַט דער „עמך" אויף בײַדע ענינים ריִכֿטיִג וויִ עס וואָלט שטײַן, כי ימוּךְ אחיך עמךְ וּמטה ידו עמךְ. דען וויִ מיִר רײַדען דאָ איִז דער אָרעמער דער אדן אוּן ער איִז פּוסט, פֿעלערדיִג, אוּן דער רײַכֿער (מיִט דיִ איִבּריִגע וואָס דער בוי"ת האָט איִהם געגעבען) דאַרף דאָס ערפֿיִלען. אָט דאָס זאָגט ער: „כי ימוּךְ אחיך" אַז דײַן ברודער איִז אָרעם איִהם פֿעלט, וואו געפֿיִנט זיִך דאָס וואָס פֿון איִהם פֿעלט? „עמך" דאָס געפֿיִנט זיִך בײַ דיִר. אָבער אַז דו וועסט איִהם ניִט געבען אוּן דו וועסט איִהם לאָזען ביִז עס וועט קומען דער צו אַז „וּמטה ידו", ער וועט זיִך שוֹין אַראָבבײַגען וועסטו זיִך שוֹין אויךְ אַראָב בײַגען, דען אַז דער שטוהל בײַגט זיִך שלעפּט ער מיִט דיִ וואַנט אויךְ „עמךְ" מיִט דיִר, דו וועסט זיִך אויךְ בײַגען מיִט איִהם צוזאַמען, דערום פֿאַרזאָג איִךְ דיִר אַז „והחזקת בו", וועט זײַן דיִ משמעות בײַדע זאַכֿען, דו זאָלסט איִהם אויף האַלטען אוּן עס וועט אויךְ זײַן דיִ משמעות דו וועסט זיִךְ אָן איִהם אויף האַלטען.

אַלזאָ איִז איִן וואָס באַשטײַט אונזער פֿערלאַנג? זיִ באַשטײַט איִן דעם אַז דער בוי"ת זאָל אונז אָנטרויען אַז מיִר וועלען נאָךְ פֿאַרריִכֿטען וואָס מיִר האָבען פֿאַרדאָרבען, נו גוּט, וויִ אַזוֹי זאָ וועט דער בוי"ת אונז טרויען ווען מיִר זײַנען פֿאָרלײַפּיִג געבליִבען ניִט ערליִךְ קענען איִהם? נאָר מיִר געפֿיִנען איִן דער פּראַקטיִשער וועלט אויף צוויי פֿאַלען טרויט מען אײַנעם וואָס ער האָט זיִךְ ניִט ערליִךְ געשטעלט, אָדער בײַ יענעם איִז רעכֿט אפילו אַז דער חוֹב זאָל גײַן איִן גאַנצען פֿאַר פֿאַלען, דאָס קאָן זײַן ווען יענער איִז אַ קרוֹב, אַ גוֹאל, אָדער איִבער הויפּט אַ אײַגענער קיִנד, רעכֿענט ער ממה נפשךְ, וועט ער מיִר אָבגעבען דעם חוֹב איִז גוּט, אוּן ווען ניִט וועט

אויך רעכט זײַן.—און אַצווייטער פאַל איז, ווען דער אַרויסטרויער איז אגברא אלים, אַ שטאַרקער מאַן, דאַן איז ער זיכער אַז יענער וועט איהם אָבגעבען דעם חוב ווייל ער וועט מורא האָבען פאַר איהם, און ווען ער וועט ניט אַוועק געבען האָט ער בכח צו נעמען מיט גוואַלד, און דאָס איז איבער הויפט ביי אַקעניג, ווי די גמרא זאָגט אין בבא בתרא אַז איינער האָט אַ חזקה געטאָן אין די פעלד פון ראש גלותא איז דאָס קיין חזקה ניט חאָטשי זיי האָבען ניט געמאַכט קיין מחאה, זיי האָבען ניט געוועהרט, ווייל זיי דאַרפען ניט וועהרען, זיי פערלאָזען זיך אויף זייער קראַפט אַז מען וועט פון זיי ניט אַוועק נעמען, דערום בעטען מיר דעם בוי"ת ער זאָל אונז טרויען אָדער מחמת ער איז „אבינו" אונזער פאָטער, איז אַפילו אַז מיר וועלען ניט צאָלען איז אויך קיין בייז ניט, אָדער מחמת ער איז „מלכנו" אונזער קעניג, איז ער זיכער אין אַלע צייטען אַז מיר וועלען איהם באַצאָלען. אין אַלע פאַלען: „נא אל תשיבנו ריקם מלפניך".

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ תְּהֵא הַשָּׁעָה הַזּאֹת שְׁעַת רַחֲמִים וְעֵת רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ:

אונזער פאָטער אונזער קעניג. עס זאָל זיין די שטונדע אַ שטונדע פון דער בארימהערציגקייט און אַ צייט פון באַוויליגונג פון פאַר דיר.

אין אַמעריקא איז געוועזען אַגרויסע מרידה, אַמאָל, פיל מענשען האָבען ווידער געשפעניגט געגען קעניג. נאָכהער האָט מען אַלע מורדים געכאַפּט און געמשפּט יעדערען נאָך זיין פערברעכען, די צו הייננגען, די צו קאַטאָרגע, די צו פאַרשיקען אין אַ ווייטע לאַנד, ויהי היום אַז מען האָט געדאַרפט אויספירען דעם אורטייל אויף איינע פון די פאַרטיעס און מען האָט זיי געפיהרט צום עשאַפאָט, איז גראַדע פאַר ביי געפאָרען דער קעניג, די אַלע פאַר־אורטיילטע זיינען געפאַלען צו דער ערד פאַר איהם מיט אַביטערען געוויין, און זיי האָבען איהם געבעטען פאַרציהונג אויף זייער

פארברעך און ער זאל פון זיי דעם שטראף אראבנעמען, דער קעניג האט אויף זיי רחמנות געהאט און האט זיי געשאנקען. ער האט געגעבען אבעפעהל מען זאל זיי אלע באפרייען. זיי האבען איהם געדאנקט און זיי זיינען אוועק יעדערער אהיים פרעהליך. די איבריגע ארעסטאנטען אבער, ווען זיי האבען געהערט די געשיכטע, איז ניט גענוג וואס זיי האבען זיך ניט געפרייט, זיי האבען נאך געהאט פארדרוס מיט קנאה אויף יענע. אין א צייט ארום האט מען געדארפט אויספירען דעם אורטייל נאך אויף א פארטיע. ווי מען האט זיי געפירט צום עשאפאט איז געקומען צו לייפען ארייטער פון קעניג מיט אבאפעל מען זאל אלע פערשולדיגטע באפרייען. וויל עס איז אנגעקומען דעם קעניגס געבורטסטאג האט ער געגעבען אמא־ניפעסט אז מען זאל שיינקען אלע פערברעכער פון זיין מדינה און דיזע אויך אין כלל. די אלע פאראורטיילטע זיינען אוועק זייער צו־פרידען און פריילעך, און זאגאר די וואס זיינען נאך פארלויפיג אין טורמע פארבליבען וואס עס איז נאך ניט געקומען די צייט אויס־צו פירען אויף זיי דעם דעקרעט זיינען אויך געוועזען פרייליך, וויל דער באפעל פון קעניג נעמט דאך ארונטער אלע פארברעכער.

דער אונטערשייד פון די ביידע געשיכטעס באשטייט אין דעם; די ערשטע פארטיע האט דער קעניג באגנעדיגט אלעם רחמנות, וואס ער האט אויף זיי רחמנות געהאט, און די רחמנות געהערט נאר צו דעם מקבל הפעולה, וויל נאר אויף זיי האט ער רחמנות געהאט וויל זיי האבען זיך ביי איהם געבעטען, אבער צו אנדערע געהערט עס ניט, דעריבער האט עס ניט אן באלאנגט צו די איבריגע באשולדיגטע, און זיי קאנען זייער שטראף באקומען, דאס ווערט אן גערופען: „שעת רחמים" אצייט פון רחמנות, די רחמנות איז געוועזען נאר אויף אקליינע ווילע. אבער די צווייטע געשיכטע הייסט שוין אב אן נותן, אן דעם קעניג וואס האט געגעבען דעם מאניפעסט, וואס די צייט פון זיין געבורטס טאג האט דאס מיט געבראכט איז דאס שוין חל אויף אלעמען. אט דאס בעטען מיר דעם בוי"ת עס זאל זיין „שעת רחמים", אשטונדע פון דערבארימקייט, ער זאל זיך דערבארמען אויף אונז בכלל, „ועת רצון מלפניך", און א צייט פון באווילינגונג פון פ א ר ד י ר ער זאל באווילינגען דעם גאנצען כלל. אויף דעם ערשטען פאל רופען מיר איהם אן „אבינו" אונזער פאטער, און אויף דעם אנדערן פאל וויל דאס איז שוין א כלל זאך רופען מיר איהם אן „מלכנו" אונזער קעניג. וויל דו ביסט אונזער פאטער „תהא השעה

הזאת שעת רחמים", זאָל זײַן די שעה אַשעה פון דערבאַרימקײַט, און ווײַל דו ביסט אונזער קעניג זאָל זײַן אַן „עת רצון מלפניך".

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ חֲמוֹל עָלֵינוּ וְעַל עוֹלָלֵינוּ וְטַפֵּנוּ.

## אונזער פָאטער אונזער קעניג, ערבאַרים זיך אויף אונז און אויף אונזערע קליינע קינדער.

אַגרויסע שיף איז געגאַנגען נאָך אַמעריקאַ. די שיף איז געוועזען באַזעצט פול מיט מענשען, מענער פרויען און קליינע קינדער, די שיף האָט זיך אָנגעהויבען טרינקען, מען האָט געגעבען אַסיגנאַל אַז עס זאָלען קומען צום רעטונגס פלאַץ פרויען מיט קינדער זיך ראַטעווען זייער לעבען אויף רעטונגס-שיפלעך. ווען עס איז געקומען אַפרוי מיט אַ קינד אויפ'ן האַנט האָט מען זיי גלייך אַרײַן געזעצט אין רעטונגס-שיפעל, אַפ־ווי אַליין איז דאָס גלײַכען. די מענער זײַנען אויך געקומען בעטען מען זאָל ראַטעווען זייער לעבען. אָבער זיי האָט מען צוריק געשטױסען, אַזוי איז געווען דער באַפעל פון קאַפּיטאַן. אין דעם קוטט אַמאַנספערזאָן מיט אַקינד אויפ'ן האַנט און בעט מען זאָל איהם ראַטעווען. מיט'ן קינד דער קאַפּיטאַן האָט געהייסען נעמען דאָס קינד און אַרײַנזעצען אין רעטונגס שיפעל און דעם פאָטער צוריקשטויסען. דער פאָטער האָט אָנגעפאַנגען וויינען און בעטען אַז מען זאָל איהם אויך ראַטעווען צוליב דעם קינד. אמת טאַקע—זאָגט ער אַז די געזעצע איז אַז מען דאַרף נאָר ראַטעווען דעם קינד (ווען עס איז ניטאָ קיין מעגליכקייט אַלעמען צו ראַטעווען). אָבער וואָס קאָן טאָן אַזוי אַקליין קינד אויף דער וועלט, אויב ער וועט בלייבען איין עלענדער און ער וועט ניט האָבען אויף זיך קיין באַשיצער און קיין אויף פאַסער, אויב אַז איך, וואָס איך בין זײַן איינציגער באַשיצער, וועט ווערען דערטרונקען אין ים? וואו וועט דער קינד אַהין קומען? און ווי קאָן ער דורך פירען זײַן וועלט? איז דען ניט גלײַכער אויף אַזאַ פאַל אַז איך זאָל שוין דעם קינד מיט נעמען מיט זיך אויף דער אמת'ר וועלט? ער זאָל ניט זעהן די פינשטערנעש פון דער וועלט? ער זאָל ניט דאַרפען אַרום וואַלגערען זיך אויף דער וועלט, ווי אַן עלענדער יתום, וואו אַ טאָג

וואו אַ נאַכט און אויסגײן פֿון הונגער און פֿון קעלט? דער קאַפּיטאַן האָט רחמנות געהאַט אויף'ן קינד און צוליעב איהם האָט ער בעפֿוילען צו ראַטעווען אויך דעם פֿאָטער פֿון דעם קינד.

דאָס זעלבע, הײליגע אידען! בעטען מיר אויך בײַן רבש"ע: אויב עס איז ח"ו נגזר געוואָרען אויף אונז מיר זאָלען טראָגען אויף זיך דעם שווערען גזר דין און מיר האָבען ניט קײן רעכט מיט אונזערע מעשים צו בעטען מ'זאָל אונז ראַטעווען, ערבאַרעם זיך אויף אונזערע קלײנע קינדערלעך זײ זאָלען חלילה ניט בלײַבען אָן אַ בעשיצער און אָן אַ שפּײַזער, און דורך זײער זכות זאָלען מיר געהאָלפען ווערען.

אלזאָ וואָס מיר בעטען ער זאָל אונז מציל זײַן אלעס רחמנות בעטען מיר אַלעס וואָס ער איז „אבינו", אונזער פֿאָטער. און דאָס וואָס מיר בעטען ער זאָל ראַטעווען אונזערע קלײנע קינדער, דאָס איז מחמת די געזעצע, רופען מיר איהם אָן „מלכנו" אונזער קעניג. דאָס בעטען מיר: „אבינו" ווײַל דו ביסט אונזער פֿאָטער „חמול עלינו" און ווײַל דו ביסט „מלכנו" אונזער קעניג „ועל עוללינו וטפּנו".

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ עֲשֵׂה לְמַעַן הֲרוּגִים עַל שֵׁם קָדְשֶׁךָ:

אונזער פֿאָטער אונזער קעניג, טו אונז גוטעס פֿון וועגען די וואָס זײַנען דערשלאָגען געוואָרען פֿון דײַן הײליגען נאָמען וועגען.

אַ זעלנער איז געשטאַנען אויף'ן וואַך, ער האָט געהיט דעם קעניגליכען אוצר, עס זײַנען געקומען רויבער און האָבען געוואָלט אויסקרויבען דעם הײליגען אוצר האָט ער זיך געשטעלט געגען און האָט ניט געלאָזען. די רויבער האָבען איהם געגעבען אַ טויט קלאַפּ און ער איז געפֿאַלען טויט. אָבער כל זמן זײַנע כחות האָבען נאָך געטראָגען האָט ער געשריען גוואלד, ביז וואַנען עס זײַנען זיך צונויפֿגעלאָפֿען מענשען און די רויבער זײַנען זיך צולאָפֿען, און דער

אוצר פון קענין איז גאנץ געבליבען. דער קעניג האט פארזאָגט אַז די פאַמיליע פון דעם געהאַרגעטען זאָלנער זאָל מען אויסהאַלטען מיט אַללעס אויף זיין רעכענונג, און זיי זאָלען זיין גוט בעלוינט.

דאָס זעלבע איז מיט אונז, הייליגע אידען! מיר בעטען דעם בוי"ת ער זאָל טאָן מיט אונז חסד פון וועגען די וואָס זיינען דער־שלאָגען געוואָרען פון זיין הייליגען נאָמען וועגען. עס איז געוועזען צייטען וואָס מ'האט געוואָלט צוראַבירען דעם אוצר פון אונזער קעניג דער מלך מלכי המלכים הקב"ה, צו מבטל זיין די הייליגע תורה און צושטערען איהרע מצות, און וויפיל אידען זיינען געהאַרגעט געוואָרען על קדוש השם וואָס זיי האָבען בעשיצט איף די מצות התורה זיי זאָלען ניט בטל ווערען פון אידען, און דערמיט האָבען זיי געגעבען קרעפטען די איבעריגע וואָס זיינען געבליבען ביין לעבען, זיי זאָלען זיך האַלטען ביין עץ החיים, זיי זאָלען זיך האַלטען אָן דער תורה, זיי זאָלען זיך האַלטען אָן אידישען גלויבען, זיי זאָלען זיך האַלטען אָן די מצות פון בוי"ת, דערום בעטען מיר דיר רבש"ע, דו זאָלסט פון זייערטוועגען טאָן גוטעס מיט אונז וואָס מיר זיינען זייערע קינדער.

מיט דעם וואָס זיי האָבען זיך מוסר נפש געוועזען האָבען זיי בעוויזען זייער ליבשאַפט צום בוי"ת מער ווי געוויינטליך, און דערמיט האָבען זיי באַוויזען אַז זיי דינען ניט דעם בוי"ת ווי אַ קנעכט וואָס ער דינט „על מנת לקבל פרס" פון וועגען בעלוינונג, נאָר ווי אַ קינד וואָס איז איבערגעגעבען דעם פאָטער מיט'ן גוף און מיט'ן נפש, און דערמיט האָבען זיי געמאַכט אַ דערוועקונג אין דער וועלט מ'זאָל מקבל זיין עול מלכות שמים. איז דערום אויף דעם נאָמען פון דער פעולה וואָס זיי האָבען געטאָן פון זייעטוועגען ווערט דער בוי"ת אָנגערופען „אבינו", אונזער פאָטער, און אויף דעם נאָמען פון דעם תכלית וואָס עס איז אַרויסגעקומען דערפון, וואָס אַלע האָבען אָנגענומען די הערשאַפט פון בוי"ת ווערט ער אָנגערופען „מלכנו" אונזער קעניג. אויף דערויף בעטען מיר: „אבינו מלכנו עשה למען הרוגים על שם קדשך".

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ עֲשֵׂה לְמַעַן טְבוּחִים עַל יִחוּדֶךָ.

## אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנְזֶער קֶענִיג, טוּ עֶס פוּן וֶועגֶען דִי גֶעשָׁאכְטֶענֶע אִיבֶּער דַיין אֵיינְצִיגְקַייט.

בַּיי אַ קֶענִיג אִיז דָא פַארשִׁידֶענֶע אוֹצרוֹת, עֶס אִיז דָא טַייעֶרֶע אוֹצרוֹת וואָס זַיי ווערֶען בֶּעוואַכְט דוּרךְ זֶעלנֶער. דִי אוֹצרוֹת וועֶן מעֶן נֶעהמט אַראָבּ דִי זֶעלנֶער פוּן זֵייעֶר וואַךְ אִיז גרִינג צוּ רַאבִּי־רֶען זַיי, ווען זַיי האָבּען אַ׳יף זִיךְ נִיט קֵיין אוֹיפזִיכט. עֶס אִיז אוֹיךְ דָא אוֹצרוֹת נאָךְ טַייעֶרעֶרֶע, וואָס זַיי זַיינֶען בֶּעהאַלטֶען אִין גרוֹיסֶע בַּאַ־הֶעלטֶענִישׁ, אַז אַפִילוּ מ׳ווֶעט אַראָבּנֶעהמֶען דִי וואַךְ פוּן זַיי ווֶעט מעַן נִיט ווִיסֶען וואוּ זַיי גֶעפִינַען זִיךְ, אוּן צוּ רַאבִּירֶען זַיי אִיז נִיט מֶעגלִיךְ סַיידֶען דוּרךְ דִי הִילף פוּן דִי זֶעלנֶער וואָס זַיי שטַייעֶן אוֹיפ׳ן וואַךְ, אַז זַיי זאָלֶען דַייטלִיךְ אָנווַייזֶען דֶעם אָרט וואוּ דִי טַייעֶרֶע אוֹצרוֹת גֶעפִינֶען זִיךְ. האָט פַּאסִירט ווען עֶס אִיז גֶעשטַאנֶען דֶער זֶעלנֶער אוֹיפ׳ן וואַךְ זַיינֶען גֶעקוּמֶען רוֹיבֶּער וואָס האָבֶּען גֶעוואָלט רַאבִּירֶען אָט דִי טַייעֶרֶע אוֹצרוֹת. ווִי דֶער זֶעלנֶער האָט דֶערזֶעהן אַז זַיי גֵייעֶן מִיט אַ גרוֹיסֶע מאַכט אוּן עֶר ווֶעט זִיךְ נִיט קאָנֶען שטֶעלֶען קֶעגֶען זַיי אַז מ׳ווֶעט אִיהם אָנטאָן גרוֹיסֶע שמֶערצֶען אוּן מ׳ווֶעט אִיהם נוֹיטֶען עֶר זאָל אָנצֵייגֶען וואוּ דִי טַייעֶרֶע אוֹצרוֹת זַיינֶען בֶּעהאַלטֶען, וואָס האָט עֶר גֶעטאָן? עֶר האָט גֶענוּמֶען זַיין שפִּיז אוּן האָט זִיךְ זֶעלבּסט אַרַיינגֶעשטֶעקט אִין בּוֹיךְ אוּן עֶר האָט זִיךְ דֶעם טוֹיט גֶע־מאַכט, בִּכדֵי אַז דִי רוֹיבֶּער זאָלֶען אִיהם נִיט קאָנֶען אָנטאָן קֵיין יסוּרִים דאַדוּרךְ צוּ נוֹיטֶען אִיהם אָנווַייזֶען דֶעם קֶענִיגס טַייעֶרֶע אוֹצרוֹת, אוּן דוּרךְ דֶעם זַיינֶען טאַקֶע דִי אוֹצרוֹת גאַנץ גֶעבּלִיבֶּען.

דאָס זֶעלבֶּע אִיז מִיט אוּנז הֵיילִיגֶע אִידֶען! עֶס אִיז גֶעווֶען צַיי־טֶען וואָס אוּנזֶערֶע פַיינד האָבֶּען זִיךְ נִיט בֶּעגְנוּגֶענט מִיט דֶעם וואָס זַיי האָבֶּען דֶעם אִידֶען גֶעהַארגֶעט ווַייל עֶר אִיז אַ אִיד, מ׳האָט אִיהם נאָךְ גֶעפַּייִנִיגט מִיט בִּיטֶערֶע יסוּרִים אוּן ענוּיִים, עֶר זאָל אָננֶעמֶען זֵייעֶר גלוֹיבֶּען פָאפּוּלֶער פַאר׳ן גאַנצֶען אִידִישֶׁען פָאלק, כדֵי דוּרךְ דֶעם צוּ בּרעֶכֶען דֶעם צאַם פוּן דֶער אמוּנה פַאר׳ן פָאלק אוּן אַלֶע זאָלֶען אִיהם נאָכטאָן, אוּן דאַמִיט האָבֶּען זַיי גֶירֶעכֶענט צוּ רַאבִּירֶען דֶעם

יחוד פון זײַן הײליגען נאָמען. דאָס איז אַזאַ אוצר וואָס ליגט בעַ־
האַלטען טיף בײַ דעם אידען אין האַרצען, אָבער ווי יענע אידען
האָבען נאָר בעמערקט אַז דער פײַנד איז שוין נאָהענט און זיי האָ־
האָבען מורא געהאַט אַז זיי וועלען ניט קאָנען בײַשטײַן בײַן נסיון
פון די שווערע און ביטערע יסורים וואָס עס שטעהט זיי פאָר, האָ־
בען זיי זיך אַליין געטויט. עס איז אויך געווען אַ צײַט אין מיטעלאַ־
טער (ימי הבינים) וואָס די עלטערען אַליין האָבען געשאָכטען זײַ־
ערע קינדער און זיי האָבען געמאַכט אַ ברכה: „אשר קדשנו במצותיו
וצונו על קדוש השם. און די קינדער האָבען געענטפערט „אמן" נאָך
דער ברכה און האָבען אויסגעשטרעקט די העלזער צום שעכטען,
און דערמיט האָבען זיי מציל געווען דעם טײַערען בעהאַלטענעם
אוצר פון בוי״ת, דעם יחוד פון זײַן הײליגען נאָמען. אויף דערויף
בעטען מיר: „עשה למען טבוחים על יחודך".

דער אונטערשיעד פון דעם פריערדיגען חרוז צו דעם חרוז,
בעשטײַט אין דעריגען. אין פריערדיגען חרוז זאָגט ער; „הרוגים על
שם קדשך". „שם" איז אַ פרסום, ווי עס שטײַט אין פסוק: „ונעשה
לנו שם", און אין גמרא געפינען מיר: „אשריך שזכית לשם". ווען
אַז מ׳זאָל נוימען אַ אידען דורך די שרעק פון האַרגענען ער זאָל
אָננעהמען אַ פרעמדען גלויבען, וואָלט ער פונדעסטוועגען אין האַרצען
געגלויבט אין בוי״ת. אַזוי ווי עס האָט פאַסירט אין שפּאַניען, פלעגט
מען נאָר בערויבען דעם פרסום פון זײַן הײליגען נאָמען, אָבער די
אמונה פון האַרצען האָט מען ניט אַוועקגערויבט, און זײַן יחוד איז
געבליבען בײַן אידען אין האַרצען. ווי דער עקדה טײַטשט דעם
פסוק: „אם שכחנו שם אלהינו" אויב מיר האָבען פאַרגעסען דעם
נאָמען פון בוי״ת אַפילו ווען מיר האָבען מכלומרשט אָנגענומען אַ
פרעמדע אמונה „ונפרוש כפינו לאל זר" „הלא אלקים יחקר זאת",
דער בוי״ת ווייס דאָך וואָס בײַ אַ מענשען אין האַרצען טוט זיך, אָבער
ווען מ׳נויט אַ אידען דורך יסורים ער זאָל אָננעמען אַ פרעמדען גלוי־
בען בפרהסיא און דערפון זאָלען זיך אָבלערנען אַנדערע נאָכצוטאָן,
דאַן האָט מען טאַקע אַוועקגערויבט דעם יחוד פון בוי״ת בײַ דעם
אידען פון האַרצען. מ׳האָט אַוועקגערויבט די באַהאַלטענע
אוצרות זײַנע. און דאָ אין דעם חרוז ווערט גירעדט פון די מענשען
וואָס האָבען בעוויזען אַ גרעסערען נסיון, וואָס זיי האָבען אַליין אויס־
געשטרעקט די האַלז און געלאָזט זיך שעכטען צו ראַטעווען די טײַ־
ערע בעהאַלטענע אוצרות פון בוי״ת, און דערמיט האָבען זיי אָנגע־

ווִיזֶען אַז די לִיבּשאַפְט פוּן עֶלטֶערֶן צוּ קִינדֶער אוּן פוּן קִינדֶער צוּ עֶלטֶערֶן האָט גאָר קֵיין ווערטה נִיט געגֶען די לִיבּע צוּם בוי"ת, וואָס ער אִיז דֶער אֵיינצִיגֶער אוּן דֶער אמת׳ער פאָטֶער אוּנזֶערֶער: אוּן דֶערמִיט האָבּען זֵיי פֶערשטאַרקט זֵיין מלוכה, דֶערוּם בּעֶטֶען מִיר: „אבינו מלכנו עשה למען טבוחים על יחודך".

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ עֲשֵׂה לְמַעַן בָּאֵי בָאֵשׁ וּבַמַּיִם עַל קִדּוּשׁ שְׁמֶךָ:

אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנְזֶער קֶענִיג, טוּ עֶס וֶועגֶען דִי וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעוָוארְפֶן אִין פַייער אוּן אִין וַואסֶער אוּם צוּ פַארְהֵיילִיגֶען דַיין גֶעטְלִיכֶען נָאמֶען.

בּײַן פּאָרט פוּן די שטאָט יפו אִין ארץ ישראל אִיז דער ים זֵייער אַ שטוּרִימדִיגֶער, עֶס טרעפט צײַטען אַז עֶס גֵייט אַוועק וואָכען לאַנג וואָס מ׳קאָן נִיט צוּגֵיין מִיט די קלֵיינע שִיפלעך צוּ דֶער גרויסֶער שִיף, אוּן די וואָס פאָרען מִיט דֶער גרויסֶער שִיף אִין יפו קאָנען זִיךְ נִיט אָבּשטעלען אוּן מ׳מוּז פאָרען ווײַטער, פוּן דֶער זײַט אַז מ׳פאָרט מוּז מען פאָרען בִּיז פּורט-סעיד אוּן פוּן יענער זײַט בִּיז חיפה, אוּן פוּן דאָרט פאָרען אִין יפו. אַמאָל אִיז גֶעקוּמען דֶער פּרײַסִישער קראָן-פּרִינץ אִין יפו, גראַדע ווען דֶער ים האָט זֵייער געשטוּרעמט אוּן ער האָט געוואָלט דוקא אָבּשטײַגען אִין יפו מִיט אַ קלֵיינע שִיפעל, אוּן אַ פאַלע פוּן ים האָט טאַקע אוּיפגעהויבען די שִיפעל אוּן האָט זִי אַ קער געטאָן אוּן דער קראָן-פּרִינץ אִיז אַרײַנגעפאַלען אִין ים. אִיז אַרײַנגעשפּרוּנגען אֵיינער אַ אַראַבער אִין ים אוּן האָט אִיהם אַרוּיסגענוּמען פוּן ים אוּן זהאָט אִיהם געבּראַכט צוּם בּרעג אוּן האָט געראַטעוועט זײַן לעבען. דער אַראַבער האָט בּעקוּמען אַ דאַנק פוּן פּרײַסִישען קייזער אוּן אוּיף זײַן גאַנצען לעבען קרִיגט ער געהאַלט פאַר דעם וואָס ער האָט זִיךְ מוסר נפש געוועזען אוּן געראַטעט דעם קראָן-פּרִינץ פוּן טויט.

הײַלִיגע אִידען! אָט מִיט דער טענה קוּמען מִיר אוּיך צוּם

רבש״ע! עָס איז געוועזען צײַטען וואָס די אידישע פאָלק זיינען געגאַנ־
גען אין פײַער און אין וואַסער און האָבען איבערגעטראָגען גרויסע
יסורים, ניט נאָר צו רעטען דעם אוצר המלך, דעם „דת ישראל״—
מ׳זאָל איהם ניט צוראַבירען, נאָר אויך צו הײליגען איהם און אויפ־
צוהײבען דעם הײליגען נאָמען פון בוי״ת, צו מפרסם זײַן איהם און
מאַכען איהם גרוים צווישען די אומות העולם. דאָס איז געוועזען
אין די צײַט פון די שפּאַנישע אינקוויזיציע. עס איז געוועזען אַזעלכע
וואָס זײַ האָבען זיך מיט זײערע אידישקײַט פריהער בעהאַלטען,
אָבער ווען מ׳האָט זײַ געחאַפּט אַז זײַ פירען זיך נאָכ׳ן אידישען דת
האָבען זײַ אָבגעדאַנקט דעם בוי״ת און זײַ זיינען אַרײַנגעשפּרונגען
אין פײַער פאַר אַלעמען אין די אויגען ניט אַ אויסגעשרײַ: „שמע
ישראל ה׳ אלקינו ה׳ אחד״! און דערמיט איז געהײליגט און דער־
הויבען געוואָרען דער נאָמען פון דעם בוי״ת פאַר אַלעמען אין די
אויגען. (און דאָס איז דער אונטערשיעד פון דעם חרוז צו דעם
פריערדיגען. דאָרטען ווערט גערעט פון די וואָס האָבען זיך געלאָזט
שלאָגען צו רעטען זיך פון יסורים, און דאָ רעדט זיך פון די וואָס
זײַ האָבען אויף זיך מקבל געוועזען יסורים. און דאָרטען האָבען זײַ
עס געטאָן נאָר צו פאַרהיטען דעם יחוד השם פון צו ראַבירען איהם,
און דאָ רעדט זיך פון די וואָס האָבען דאָס געטאָן צו פאַרהײליגען
נאָך און ערהויבען דעם נאָמען פון בוי״ת). הײַנט וואָרום זאָלען מיר
אידען זײַן ערגער פאַר דעם ערבי וואָס איז אַרײַנגעשפּרונגען אין
וואַסער און געראָטעט דעם קראָן־פּרינץ פון טויט האָט מען איהם
דערפאַר געגעבען צום לעבען זײַנע גאַנצע יאָהרען, מיר האָבען זיך
דאָך אויך געוואָרפען אין פײַער און אין וואַסער צו פאַרהײליגען דײַן
נאָמען, דאַרפסטו דאָך דערפאַר אויך טאָן גוטעס מיט אונז?

מיט׳ן דין איז אַ איד מחויב זיך מוסר נפש זײַן ווען מ׳נויט
איהם עובר צו זײַן אויף די דרײַ האַרבע עבירות: „עבודה זרה, גלוי
עריות ושפיכת דמים״. אָבער ווען מ׳נויט איהם עובר זײַן אויף אַ
אנדער עבירה איז ער ניט מחויב זיך מוסר נפש זײַן, ווי איז אָבער
אז ער וויל זיך יאָ מוסר נפש זײַן אויף אַ אַנדער עבירה, נאָך די
דעה פון תוספות אין כתובות מאָג ער יאָ זיך מוסר נפש זײַן, מער
ניט ער איז דאָס ניט מחויב, דער אונטערשיעד פון אַ זון צו אַ
קנעכט בעשטײט אין דעם: אַ קנעכט טוט ניט ע״פ רוב אַ זאַך וואָס
ער איז ניט מחויב צו טאָן אָבער אַקינד טוט אַלץ אפילו ער איז
דאָס ניט מחויב צו טאָן ע״פ דין. הײַנט די וואָס האָבען זיך מוסר

נפש געווען אויך פאַר אַנדערע עבירות ווערען זיי אָנגעװאָרפען קינדער, און די וואָס האָבען זין: מוסר נפש געווען נאָר פאַר די דריי האַרבע עבירות ווערען זיי אָנגעװאָרפען קנעכט, זיי האָבען געטאָן אַזאַך וואָס זיי זיינען מחויב געווען צו טאָן, דאָס בעטען מיר: „אבינו מלכנו עשה למען באי באש ובמים על קדוש שמך".

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ נְקוֹם לְעֵינֵינוּ נִקְמַת דַּם עֲבָדֶיךָ הַשָּׁפוּךְ:

## אונזער פָאטער אונזער קעניג, נעם ראַכע פאַר דאָס בלוט פון דיינע קנעכט וואָס איז פאַרגאָסען געוואָרען.

איינער אַ גרויסער גביר האָט געהאַט אַ גרויסע קראָם פול מיט סחורה, די סחורה איז געווען פון זייער טייערע סאָרטען אַז עס איז איהר גלייכען ניט געווען, געגען די קראָם איז געווען אַ אַנדער קראָם וואָס דאָרטען האָט מען פערקויפט געפעלשטע און נאָכגעמאַכטע סחורה פון דעם זעלבען סאָרט, האָט דער קרעמער ניט געקאָנט פערקויפען זיינע געפעלשטע סחורה מחמת די גוטע סחורה פון דעם רייכען קרעמער. אַמאָל איז דער רייכער קרעמער אַוועקגעפאָהרען אין אַ ווייטע וועג, האָט זיין קאָנקורענט אונטערגעשיקט רויבער מ'זאָל צוראַבירען די קראָם זיינע, און זיי האָבען צובראָכען די וויטראַזש און זיי האָבען אַראָבגענומען דעם שילד וואָס איז געהאַנגען אויפ'ן טיר פון קראָם אַז די קונדען זאָלען ניט וויסען אַז דאָרטען ווערט פערקויפט ראַיעלע סחורה, זיי זאָלען ניט גיין דאָרטען קויפען. איינער פון דעם גבירס גוטע פריינד האָט דאָס דערזעהן די אַללע שאָדענס וואָס די רויבער האָבען געמאַכט ביים גביר אין קראָם. משפט'ען זיך מיט זיי האָט ער ניט געקאָנט, האָט ער גענומען פאַר זיין איינגענע געלט און האָט געמאַכט אַ נייעם שילד אויפ'ן קראָם. און האָט געקויפט נייע סחורה און האָט דעם געשעפט געלאָזט אויף לעבען פון דאָס ניי, און עס זיינען געקומען פיעל קונדען קויפען סחורה. נאַכהער ווען דער גביר איז געקומען פון וועג, ער איז גע-

חען אַ גרויסער תקיף און אַ מעלטיגער מענש, האָט ער שטאַרק בעשטראָפט די רויבער און זיי האָבען געמוזט די ראַבירטע סחורה צוריק אָבגעבען און צוריק אַוועקשטעלען דעם שילד וואָס זיי האָבען געריבט, און ער האָט אין זיין קראָם אויפגעעפענט נאָך אַ פענסטער און אַריינגעשטעלט נאָך אַ וויסטאַווע-שויב, און זיין געשעפט איז געוואָרען זייער פּאָפּולער ביי אַלעמען, און אַלע האָבען געוואוסט אַז נאָר דאָרטען ווערט פערקויפט ראַיעלע סחורה און די סחורה פון דעם קאָנקורענט איז געוואָרען בעוואוסט פאַר געפעלשטע און אַללע קונדען האָבען אויפגעהערט צו קויפען דאָרט און ס'איז נאָר גענאַנ- גען קויפען די גוטע סחורה, און דעם גוטען פריינד זיינעם האָט ער בעצאָהלט זיבען מאָל דאָפעלט פאַר אַלעס וואָס ער האָט געטאָן פון זיין געשעפט וועגען, און ער האָט איהם צוגענומען צו זיך אויף שטענדיג.

הייליגע אידען! אין די פריערדיגע חרוזים איז שוין געווען אַרומגערעדט אַז עס איז געווען צייטען וואָס אונזערע פיינד, וואָס זיינען די פיינד פון בוי"ת, האָבען געוואָלט אָבמעקען דעם נאָמען פון אַ איד און אַראָבפיהרען זיי פון זייער גלויבען, און זיי האָבען צוראַבירט די גוטע סחורה—דאָס איז די ריכטיגע אמונה אין בוי"ת, זיי האָבען אַראָבגענומען דעם שילד פון זיין קראָם, דאָס איז דער פרסים פון זיין גאָטהייט, וויל צוליעב זיינע ראַיעלע סחורה קאָנען זיי ניט לייזען פאַר זייערע געפעלשטע סחורה. — דאָס איז די פאַלשע אמונה זייערע, די געצין, די אָבגעטער, און דער בוי"ת איז אַוועק אין אַ וייטע וועג (הלך בדרך למרחוק). דען צוליעב אידישע זינד האָט ער אָבגעקערט דעם פנים פון זיי. אָבער עס האָבען זיך גע- פונען ליבהאָבער פון בוי"ת צדיקים קדושים וואָס זיי האָבען זיך מוסר נפש געווען פון זיינט וועגען און זיי האָבען מקדש השם גע- ווען. און דורך דעם האָבען זיי אַריינגעבראַכט פרישע סחורה און אין קראָם—אַ בענייטע אמונה, און זיי האָבען געמאַכט אויף איהר אַ שילד — אַ גרויסען פרסום אַלע זאָלען וויסען אַז נאָר דאָרטען ווערט פערקויפט ראַיעלע סחורה. וויפיעל מענשען פון די אומות העולם זאָגאַר האָבען דאָס צוגעזעהן פערוואונדערטערהייד, ווי מיר געפינען ביי ר' חנינא בן תרדיון מיט'ן קלצטינירי (ע"ז י"ח) וואָס ער האָט זיך אויך אין פייער געוואָרפען. נאָר מיר וואַרטען אַז גאָר אין אַ קורצע צייט וועט זיך דער בוי"ת אומקערען פון זיין וייטע וועג, וואָס ער האָט זיך ערווייטערט פון אונז צוליב אונזערע זינד

און ער וועט אונז ערנעהנטערען צו זיך ווידער, און דאן וועט ער נעמען ראכע פון די רויבער וואס זיי האבען זיין קראם צורויבט, ביז זיי וועלען איהם אומקערען די רויב צוריק, און דאן וועט זיין נאמען ווערען גרוים צווישען אלע פעלקער און אלע וועלען איהם אין איין קאמפאניע דינען. אום צו ערקלערען אונזערע רייד, וועלען מיר פריער ערקלערען וואס די גמרא זאגט (ברכות דף ל"ג): „גדולה נקמה שנתנה בין שתי אותיות שנאמר אל נקמות ה'". די נקמה איז גרוים וואס זי שטייט צווישען צוויי הייליגע נעמען פון בוי"ת. די כוונה פון דעם מאמר איז: אין מדרש שטייט: כשהקב"ה נפרע מן הרשעים שמו מתקדש בעולם". ווען דער בוי"ת בעשטראפט די רשעים ווערט זיין נאמען געהייליגט אויף דער וועלט. האבען מיר ערקלערט וואס ער זאגט דא מיט'ן לשון „נפרע" וואס איז ניט דער טייטש ער בעצאלט דעם רשע נאר ער מאנט איין פון רשע, ד"ה אז דער רשע בעצאלט דעם בוי"ת? וויל דער רשע בשעת ער טוט די שלעכטעס מאכט ער א חלול השם, און דורך דעם וואס ער בעקומט זיין שטראף ווערט געהייליגט דער נאמען פון בוי"ת וואס ער איז דורך איהם נתחלל געווארען. ווי עס שטייט אין פסוק: „כאשר משפטיך לארץ צדק למדו יושבי תבל". ווען דו טוסט משפט'ען די רשעים לערנט זיך די וועלט אב צו טאן גערעכטיגקייט.

און דאס מיינט מען טאקע: „גדולה נקמה שנתנה בין שתי אותיות". דאס איז איהר גרויסקייט, דאס דורך דעם ווערט געהייליגט דער נאמען פון דעם בוי"ת. און דערום ווען דער בוי"ת וועט טאן משפט'ען די רשעים וועט די אמונה אין בוי"ת ווערען גרעסער (דאס איז וואס עס וועט צוקומען סחורה). און עס וועט אוועקגעשטעלט ווערען א נייער שילד אויף זיין קראם (דאס איז דער פרסום פון זיין נאמען צווישען די פעלקער). אט דאס בעטען מיר: „נקום לעינינו נקמת דם עבדיך השפוך", וויל צוליב דעם וואס זיי האבען געראבירט האבען די ערליכע אידען (דעם אויבערשטענס קנעכט) געמוזט אוועקגעבען זייער לעבען און געלאזט זייער בלוט פארגיסען צו מקדש זיין שם שמים וואס די גוים האבען איהם מחלל געווען, און יעצט וועט דער בוי"ת מאנען פון זיי דעם היזק וואס זיי האבען געמאכט.

ווען דער בוי"ת וועט טאן משפט אין די רשעים וועט גע־גרויסט ווערען זיין מלוכה, ווי עס שטייט אין פסוק: „מלך במשפט יעמיד ארץ", נאר מיר בענוגענען זיך ניט מיט'ן משפט אליין וואס ער וועט טאן, נאר מיר בעטען „נקום ל ע י נ י נ ו" דו זאלסט נעמען

רצה'ג פאר אונזערע אויגען. ווי א קינד אז ער זעהט דער פאטער גייט אויף א שמחה בעט ער ער זאל איהם מיטנעמען. ער וויל אויך האבען פערגניגען פון דער שמחה, אזוי בעטען מיר: „אבינו" אונזער פאטער—„נקום לעינינו". מיר ווילען אויך זיין אויף דער שמחה, „מלכנו", אונזער קעניג (נקום) „נקמת דם עבדיך השפוך".

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ עֲשֵׂה לְמַעַנְךָ אִם לֹא לְמַעֲנֵנוּ:

**אונזער פאטער אונזער קעניג, טו עס פון דיינט וועגען אויב מיר זיינען ניט ווערט צו טאן פון אונזערט וועגען,**

איינער האט געשוואומען אין טייך און איז אריין צווישען אגרויסען שטראם וואסער וואס פליסט זייער רעסענדיג און האט זיך אן געהויבען טרינקען, ביים טייך איז געשטאנען אגרויסער שווימער וואס ער האט איהם אפילו געקאנט ראטעווען, ער איז אבער געווען אויף איהם אין כעס, דער מענש וואס טרינקט זיך האט איהם פיל שמערצען פארשאפט, איז ער דעריבער געשטאנען פון ווייטען, ווען ער האט געזעהן אז זיין שונא ראנגעלט זיך מיטען שטראם וואסער, און ער האט זיך צום הארצען דאס גאר ניט גע- נומען. דער מענש וואס טרינקט זיך האט איהם אויס געשטרעקט די הענט ער זאל איהם ראטעווען, און האט איהם אנגעהויבען בעטען: יא עס איז מעגליך זאגט ער אז איך בין טאקע ניט ווערט דו זאלסט מיר ראטעווען פון שטראם וואסער, ווייל איך האב דיר פיל שמערצען פארשאפט, אבער דו דארפסט וויסען אז ווען דו וועסט מיר ארויסראטעווען פון אזא טיפען און א שטראמעדיגען וואסער וועט דיין נאמען ווערען פאפולער אויף דער וועלט, וועלען אלע וויסען אז דו ביסט א גרויסער שווימער, און אלע וועלען זעהן דיין גרויסע מאכט און דיין גרויסען טאלאנט.

דאס זעלבע איז מיט אונז הייליגע אידען! מיר בעטען פון דעם בוי"ת: מיר טרינקען זיך אין שטראם פון דער וועלט, און די חוואלעס פון דער צייט פליען איבער אונזערע קעפ—אלזא זאלסטו אונז ארויסראטעווען פון טויט, הגם מיר זיינען ניט ווערט ביי דיר

אַז דו זאָלסט אונז ראַטעווען, דען מיר האָבען פיל פאַרבראָכען געגען דיר, אָבער מיר בעטען דיר דו זאָלסט טאָן פון דיינט וועגען, אַז די גאַנצע וועלט זאָל וויסען אַז דו ביסט אַגרויסער שוויםער און דיין מאַכט איז זייער גרויס, אָט דאָס בעטען מיר: „עשה למענך אם לא למעננו".

נאָר פון דעסטוועגען בעטען מיר: „עשה למענך אם לא למעננו" אויב עס איז ניט מעגליך דו זאָלסט טאָן פון אונזערט וועגען, אָבער בעסער וואָלט געווען ער זאָל טאָן פון אונזערט וועגען נאָר אויב ער וויל ניט טאָן פון אונזערט וועגען זאָל ער טאָן פון זיינטוועגין. אויב אַז ער וועט טאָן פון אונזערט וועגין וועט דאָס זיין אַזוי ווי אַפּאָטער וואָס ער טוט פון אַקינדס וועגען חאָטשי ער איז דאָס ניט ווערט. דאַן פאַסט צו רופען איהם „אבינו" אונזער פאָטער, און ווען ער טוט פון אונזערט וועגען צו ווייזען זיין מעלכותקייט פאַסט צו רופען איהם „מלכנו" אונזער קעניג, „עשה למענך אם לא למעננו".

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ עֲשֵׂה לְמַעַנְךָ וְהוֹשִׁיעֵנוּ:

אוּנְזֶער פָּאטֶער אוּנְזֶער קֶענִיג, טוּ פוּן דַיינְט וֶועגֶען אוּן הֶעלְף אוּנְז.

איינער איז געגאַנגען אין וועג זיינען אַרויפגעפאַלען אויף איהם רויבער און זיי האָבען איהם געשלאָגען און צו ביילט, זיי האָבען איהם געוואָלט בארויבען, אין דעם איז אָן געפאָרען איינער אַשטאַרקער מענש, אגבור חיל, ער האָט געגעבען די רויבער אפאָר גוטע קלעפ זיינען זיי זיך צו לאָפען. דער גבור האָט זיך אַריין געזעצט אין זיין קאַרעטע און וויל פאָרען ווייטער און ער האָט זיך גאָר ניט געדרעכענט מיט דעם גערויבטען, ווי באַלד רעכענט ער אַז ער האָט שוין די רויבער צו טריבען איז ער ראָך שוין זיכער, יענער האָט איהם אָבער ניט אָבגעלאָזען און אָן געהויבען שטאַרק בעטען אַז ער זאָל איהם ניט אַוועקוואַרפען, און ער זאָל איהם מיט נעמען מיט זיך אויף זיין קאַרעטע. וואָרום ווען די רויבער-באַנדע וועט דער שפירען אַז דער גבור איז אַוועק געפאָרען וועלען זיי איהם צוריק באַפאַלען, דאַן האָט דער גבור גאָר ניט

אויף געטאָן מיט דעם וואָס ער האָט איהם געראַטעוועט, דערום בעט ער איהם ער זאָל איהם אין גאַנצען אַרויס העלפען פון די רויבער, דאַן וועט ער זיך קאָנען בארימען אַז ער האָט איהם געראַטעוועט פון די רויבער.

דאָס זעלבע איז מיט אונז היילינגע אידען! אויף אונז זיינען געקומען רויבער וויפיל מאָל, און דער בוי"ת האָט אונז מציל געוועזען פון זיי און ער האָט זיי פארטריבען, אָבער כל זמן ער האָט אונז נאָך איבערגעלאָזען אויפ'ן שיקזאַל איז קיינע נוצען ניט, דאָס איז קיין ריכטיגע הילף. דען זיי באַפאַלען נאָך אונז אַלץ ווידער און זיי זאָגען אַז דער בוי"ת קוקט שוין גאָר ניט אויף אונז, דערום בעטען מיר איהם: „עשה למענך והושיענו". דו זאָלסט אויף אונז אַכטונג געבען מען זאָל ווייטער אויף אונז ניט באַפאַלען. דאַן וועלען אַלע וויסען אַז נאָר דיר דאַרף מען דאנקען און נאָר צו דיר דאַרף מען דינען.

דאָס וואָס ער איז אונז מציל ווייזט ער צו אונז זיין ליבשאַפט ווי אַ פאָטער צו קינדער, און וואָס ער באַשטראָפט די רובער איז מחמת די מאַכט פון זיין קעניגרייך דען דאדורך ווייס מען די שטאַרקייט פון זיין מלוכה, אָט דאָס בעטען מיר: „אבינו מלכנו עשה למענך והושיענו".

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ עֲשֵׂה לְמַעַן רַחֲמֶיךָ הָרַבִּים:

## אונזער פאָטער אונזער קעניג, טו וועגין דיינע פיל דער באַרימקייט.

איינער איז געקומען צופאָרען אויף אַ יריד (יאָרמאַרק). ער האָט געבראַכט פיל סחורה צו פארקויפען, עס איז אָבער געוועזען ווייניג קויפער אויף די סחורה, איז געקומען אַ סוחר און האָט איהם פאָרגעלייגט פאַר די סחורה אַקליינעם פרייז, נאָר וויל ער האָט געהאַט זייער פיל סחורה האָט ער געמוזט אוועק געבען דעם סוחר פאַרען קליינעם פרייז, וויל ער האָט קיין אַנדערע סוחרים אפילו

אויף קיין קליינעם פרייז אויך ניט געהאט. עס שטייט אין מדרש: „מתחלה עלה במחשבה לברא את העולם במדת הדין" פריער האט דער בוי"ת געוועלט צו בעשאפען די וועלט מיט'ן מדת הדין, ווי עס שטייט אין פסוק: „בראשית ברא אלקים" (אלקים איז דין). „ראה שאין העולם קיים", ער האט געזעהן אז מיטען מדת הדין קאן די וועלט ניט אויסהאלטען „שתף אליו מדת הרחמים", האט ער צו געמישט רחמים אויך צום דין, „ולא עוד אלא שהקדים רחמים לדין" ער האט נאך מקדים געווען פריער רחמים פאר דין. „שנאמר ביום עשות ה' אלהים ארץ ושמים", איז פריער ה' וואס דאס איז רחמים און נאכהער אלקים וואס דאס איז דין. זעהען מיר דאך דערפון אז ביי דעם בוי"ת איז דא רחמים אפילו און ער האט ניט ווער עס זאל דאס ווערט זיין צו קריגען, און שיינקען שיינקט דער בוי"ת ניט, ווי די גמרא זאגט: כל האומר הקב"ה ותרן יותרו חייו". מען טאר ניט זאגען אז דער בוי"ת שיינקט אומזיסט, דערום האט שי מיר גיבען דאך אויך ניט די ווערטה פון די סחורה זיינע, און מיר גיבען אויך אקליינעם מקח, אבער אין פערגלייך צו אנדערע פעלקער גיבען מיר דאך עפעס וואס עס איז פאר אמקח, און ווי באלד אז ער האט סחורה אפילו מוז ער אונז אוועק געבען פאר אקליינעם פרייז אונטער די ווערדע — פאר די ביסעל מדות און מעלות וואס מיר האבען, ווי באלד אז עס איז ניטא ווער עס זאל געבען אהעכערען פרייז.

ווען דער בוי"ת פירט די וועלט מיט מדת הרחמים ווערט ער אן גערופען פאטער „אב הרחמים". און ווען ער פירט די וועלט מיט'ן מדת הדין ווערט ער אן גערופען „מלך" ווי מיר געפינען: „מלך יושב על כסא דין". און נאכ'ן מדרש נאך איז דער בוי"ת מצרף רחמים צום דין, און ער איז מקדים רחמים צום דין. דערום בעטען מיר: „אבינו" מצד די מדת הרחמים וואס מיר בעטען פון איהם. „מלכנו" מצד די ביסעל ווערט וואס מיר האבען יא. דעם קליינעם מקח וואס מיר צאלען, ער זאל מצרף זייןביידע צוזאמען און: „עשה למען רחמיך הרבים".

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ עֲשֵׂה לְמַעַן שִׁמְךָ הַגָּדוֹל הַגִּבּוֹר וְהַנּוֹרָא שֶׁנִּקְרָא עָלֵינוּ:

אוּנְזֶער פָּאטֶער אוּנְזֶער קֶענִיג, טוּ עס וֶועגֶען דֶעם גְרוֹיסֶען שְׁטַארְקֶען אוּן פָארְכְטִינֶען נָאמֶען וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען אוֹיף אוּנְז.

אִין אַ שטאָדט איז געקומען אַגרויסער דאָקטאָר און האָט זיך געוואָלט באַזעצען דאָרטען, די שטאָדט לייט האָבען איהם ניט געוואָלט אָננעמען סיידען ער זאָל פריהער וויַיזען דייטליך די ווירקונג פון זיין קוראַציע, אַז ער איז אַגרויסער דאָקטאָר. האָט מען געזוכט אין שטאָדט אַ קראַנקען וועלכען ער זאָל קאָנען בעווייזען זיין ספּעציאַליטעט, איז גראַדע ניט געווען אַזא קראַנקער, האָט געקומען דער דאָקטאָר אַגעזונטען מענשען און האָט איהם אַרונטער געלאָזען אונטערען הויט אַסערום פון טיפוס קראַנקהייט איז ער קראַנק געוואָרען אויף טיפוס, און נאָכהער האָט ער איהם מייסטערהאַפט געהיילט. און אַלע האָבען געזעהן אַז ער איז טאַקע אַ גרויסער דאָקטאָר און זיין נאָמען איז גרויס געוואָרען אין שטאָט. נאָך דעם איז אָבער געקומען דער קראַנקער צום דאָקטאָר און האָט געבעטען ביי איהם אַבאַפּרידיגונג דערפאַר, דאָס ערסט—טענה'ט ער—איז ער דאָך דורך איהם געוואָרען פּאָפּולער און גרויס אין שטאָדט, צווייטענס: ער האָט דאָך געליטען אויך דערפון, חאָטשי ער האָט איהם אויסגעהיילט פון די קראַנקהייט וואָס ער האָט איהם קראַנק געמאַכט, אָבער דערווייל האָט ער דאָך געליטען ווייטאָגען אין יסורים, דאַרף ער איהם דאָך דערפאַר באַפרידיגען.

די גמרא זאָגט אין יומא (דף ס"ט), „אמר ר' יהושע בן לוי למה נקרא שמן אנשי כנסת הגדולה מפני שהחזירו עטרה ליושנה אתא משה ואמר האל הגדול הגבור והנורא. אתא ירמי' ואמר עכו"ם מקרקרין בהיכלו איה נוראותיו, לא אמר נורא, אתא דניאל ואמר עכו"ם משתעבדים בבניו איה גבורותיו לא אמר גבור, אתו אינהו ואמרו אדרבה זו היא גבורת גבורתי שכובש את יצרו שנותן ארך אפים לרשעים ואלו הן נוראותיו שאלמלא מוראו של הקב"ה היאך אומה אחת יכולה להתקיים בין העכו"ם. ורבנן היכי עבדי הכי ועקרי תקנתא דתקין משה אמר ר' אלעזר מתוך שיודעין בהקב"ה שאמתי הוא לפיכך לא כיזבו בו", די גמרא זאָגט דאָ אַז די אנשי

אנשי כנסת הגדילה האָבּען אום געקערט דעם בוי"ת זיין אַלטען טיטול. משה האָט געזאָגט „האל הגדול הגבור והנורא" ירמי׳ האָט געזאָגט אז די גוים האָבען חרוב געמאַכט דעם בית המקדש טאָ וואו איז זיין מורא האָט ער „נורא" ניט געזאָגט, דניאל האָט געפרעגט אז די גוים דינען מיט זיינע קינדער וואו איז זיין גבורה האָט ער „גבור" ניט געזאָגט, זיינען געקומען די אנשי כנסת הגדולה און האָבען געזאָגט: אז דאָס איז זיין גבורה וואָס ער איז מאריך אף לרשעים. און דאָס איז זיין מורא דען ווען ניט זיין מורא, וואָלטען די אירען ניט געקאָנט אויסהאַלטען אַזוי לאַנג צווישען די אומות, און זיי האָבען אומגעקעהרט דעם בוי"ת דעם אַלטען טיטול מען זאָל זאָגען אין שמנה עשרה: „האל הגדול הגבור והנורא". דאַרף מען טאַקע פאַר שטיין פאַר וואָס האָט ירמי׳ ניט געזאָגט נורא און גבור האָט ער יאָ געזאָגט, און דניאל האָט גבור ניט געזאָגט און נורא האָט ער יאָ געזאָגט, און די אנשי כנסת הגדולה האָבען געזאָגט בּיידע זאָלען גבור און נורא?

איינער איז געקומען אין אַ קראָם פון זייגערס און בעט מען זאָל איהם געבען אַגוטען זייגער ער וויל קויפען, דער קרעמער ווייזט איהם פערשידענע זייגערס צו פערשידענע פרייזען, איין זייגער ווייזט ער איהם, און זאָגט איהם דער זייגער איז גאָר אַגוטער און קאָסט טאַקע אַ סך געלט. דער קונה קוקט זיך איין און ביי איהם זעהן זיי אויס, דוכט איהם, אַלע גלייך, ער זעהט אין דעם קיין בעסערקייט אויף די איבעריגע, פרעגט ער דעם קרעמער, זאָג מיר—זאָגט ער צו איהם—וואָרום איז דער זייגער ביי דיר טייערער פאַר אַנ׳אַנדערען, זיי זיינען דאָך אַלע גלייכע ארבּייט און איך זעה ניט אין דעם מעהר מעלה פאַר די איבעריגע? ענטפערט איהם דער קרעמער: אמת טאַקע פאַרין אויג זיינען זיי אַלע גלייך, איך ווייס אָבער אז די אַרבּייט פון די פאַבּריק איז אַנדערס פון די אַרבּייט פון די איבעריגע פאַבּריקען אין שטאַרקייט, און דו ווערסט היינט אפילו גאָר ניט זעהן, אָבער אין אַ צייט אַרום וועסטו דאָס זעהן, דען די זייגערס פון אנדערע פאַבּריקען ווערען אין אַ קורצע צייט פאַרדאָרבען און דער זייגער פון דער פאַבּריק וועט ניט פאַר־ דאָרבען ווערען אין פיל יאָהרען, לכן, איז חאָטשי דער קרעמער וויים דעם ווערטה פון די טייערע סחורה, אָבער דער קויפער קאָן דאָס ניט וויסען נאָר אין אלאַנגע צייט אַרום, אז עס וועט אוועק גיין אַ לאַנגע צייט און דער זייגער וועט ניט פאַרדאָרבּען ווערען,

דאַן וועט ער וויסען אז ער איז אַ גוטער זייגער. און די שטאַרקייט פון זייגער מיט דער צייט, צייגט אויף די אַרבייט פון דעם מייסטער אז זי איז גוט.—איז דערום חאָטשי ירמי׳ און דניאל (זיי זיינען די די קרעמער) האָבען אַליין געוואוסט די מדות פון בוי״ת אַז ער איז אַ„גבור ונורא״, אָבער זיי האָבען דאָס ניט געקאָנט זאָגען פאַרן נאַראָד, ווייל זיי וועלען דאָך פרעגען די שאלות: „איה הן גבורותיו איה הן נוראותיו״? וואו איז זיין גבורה און וואו איז זיין מורא? און זיי וועלען דאָך די תירוצים פאַר דער צייט ניט פאַרשטיין, צום ביישפּיל אַז ירמי׳ האָט געפרעגט: „עכו״ם מקרקרין בהיכלו איה הן נוראותיו״? וואָס וועלען מיר ענטפערען: „שאלמלא מוראו איך אומה יכולה להתקיים בין העכו״ם״. ווי די אנשי כנסת הגדולה האָבען געענטפערט, די תשובה האָט געפּאַסט ערשט אין פיעל יאָהרען שפּעטער. אָבער אין די צייט פון ירמי׳ איז דאָס נאָך ניט געווען אַרוים צו זעהן, ווייל דאָס איז דאָך נאָך געוועזן אין די ערשטע צייט פון גלות, דערום האָט טאַקע דניאל יאָ געזאָגט „נורא״ ווייל דניאל איז שוין געוועזן לאַנג נאָכ׳ן חרבן האָט מען שוין געזעהן די מורא פון בוי״ת אָבער ירמי׳ האָט קיין „נורא״ ניט געקאָנט זאָגען, אָבער גבור האָט ירמי׳ יאָ געזאָגט, ווייל דאַן איז דאָך נאָך די פראַגע פון דניאל, „גוים משעבדים בבניו איה הן גבורותיו״, ניט געווען, דען דאָס איז דאָך נאָך געוועזן אין די צייט פון חרבן האָבען זיי נאָך ניט משתעבד געוועזן מיט די אידען.

און דניאל וואָס ער האָט שוין געזעהן ווי מען איז משתעבד מיטען אידען און מען דריקט איהם און פון דעסטוועגען ברייננט מען זיי ניט אונטער, האָט ער ניט געפרעגט: „איה הן נוראותיו״, דען ער האָט שוין געהאַט די תשובה פון די אנשי כנסת הגדולה: „הן הן נוראותיו״. נאָר ער האָט געפרעגט: „איה גבורותיו״? און די תשובה פון די אנשי כנסת הגדולה: „שנותן ארך אפים לרשעים״ האָט נאָך אין זיין צייט אויך ניט געפּאַסט, ווייל עס איז נאָך ניט געוועזן אַזאַ לאַנגע צייט נאָכ׳ן חרבן, אָבער אין די צייט פון די אנשי כנסת הגדולה האָבען זיי געזעהן ביידע זאַכען, זיי האָבען געזעהן זיין מורא, וואָס מען מאַכט ניט קיין כליה מיט זיינע קינדער, און זיי האָבען געזעהן זיינע גבורות וואָס עס איז שוין אַוועק אַזאַ צייט און ער איז כובש כעסו וניתן ארך אפים לרשעים, דעריבער האָבען זיי מחזיר עטרה ליושנה געווען, און האָבען געזאָגט „האל הגדול הגבור והנורא״.

זעהען מיר דערפון אז דער בוי"ת אום צו ווייזען זיינע גבורות, לאזט ער זיינע קינדער זאלען געפייניגט ווערען פון די אומות, דאס איז ריכטיג גלייך ווי יענער דאקטאר וואס ער האט דעם מענשען קראנק געמאכט צו ווייזען זיין גרויס קענטשאפט אין דאקטאריע. דערום בעטען מיר דערפאר אפאטיגונג.

אין דער תפלה ווערט נכלל ביי וואס דער בוי"ת טוט מיט אונז דעם כבוד וואס זיין נאמען ווערט גערופען אויף אונז, צו ליב דעם ווערט ער אנגערופען „אבינו" אונזער פאטער, און ווידער וואס עס ווייזט זיך ארויס זיין גרויסקייט אויף דער וועלט דורך אונז, און צו ליב דעם ווערט ער אנגערופען „מלכנו" אונזער קעניג, דאס בעטען מיר: „אבינו, מלכנו, עשה למען שמך הגדול הגבור והנורא שנקרא עלינו".

---

# אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ חָנֵּנוּ וַעֲנֵנוּ כִּי אֵין בָּנוּ מַעֲשִׂים עֲשֵׂה עִמָּנוּ צְדָקָה וָחֶסֶד וְהוֹשִׁיעֵנוּ:

אונזער פאטער אונזער קעניג, באגנעדיג אונז און ענטפער אונז, דען מיר האבען ניט קיין גוטע מעשים טו מיט אונז צדקה און חסד און העלף אונז.

אין אשטאט איז געוועזען אגרויסער גביר, ער איז געווען אגרויסער נדבן, אבעל צדקה, אגוט הערציגער. אמאל זיצט ביי איהם אין שטוב זיינער א בעקאנטער און זעהט זיך צו ווי עס קומען ארעמע לייט בעטען נדבות; דעם גיט ער אקליינע נדבה דעם גיט ער אגרויסע נדבה, יערערען נאך זיין בעדערפניש, און אלע זיינען צופרידען. אין דעם קומט ארייין איינער מיט אפעקעל סחורה אויפ'ן פלייצע, דער גביר האט געקויפט ביי איהם אביסעל סחורה און האט איהם באצאהלט נאכ'ן פרייז נאך. דער מענש וואס איז דארט געזעסען און האט דאס צו געזעהן האט זיך געוואונדערט. די זיינען געקומען—זאגט ער—נאר בעטען נדבות און זיי האבען קיין זאך ניט געבראכט. האט זיי דער גביר אזוי פיין באהאנדעלט און האט זיי געגעבען מיט דער פולער האנד. און דער וואס ער האט ביי איהם נאך אביסל סחורה אויך גענומען האט ער איהם געפטרט מ יט א קליי-ניגקייט ? ענטפערט איהם אצווייטער וואס איז אויך געזעסען ד ערביי:

דער גביר איז אַגרויסער נדבן, און אַז מען קומט צו איהם בעטען אנדבה גיט ער די נדבה נאָך זיין גוט הערציגקייט, אָבער דער מענש בעט דאָך געלט פאַר סחורה דאַרף ער איהם צאָלען נאָך די ווערטה פון די סחורה וואָס ער האָט גענומען ביי איהם.

דאָס זעלבע איז מיט אונז הייליגע אידען! ווען מיר קומען בעטען דעם בוי"ת, אַז מיר וועלען איהם בעטען פאַר אונזערע מעשים דאַרף ער אונז באַצאָלען נאָך די מעשים וואָס מיר האָבען געטאָן, אָבער ווען מיר בעטען ביי איהם חסד דאַרף ער אונז געבען חסד נאָך זיין גרויס גנאָד און נאָך זיין גוטסקייט, דעריבער בעטען מיר: לא בחסד ולא במעשים באנו לפניך, כדלים וכרשים דפקנו דלתיך". מיר זיינען צו דיר ניט געקומען בעטען מיט די חסד וואָס מיר טוען און ניט מיט די מעשים וואָס מיר טוען, מיר זיינען נאָר געקומען בעטען ווי אָרעמע לייט, דען אַז מיר זאָלען קומען בעטען פאַר אונזערע מעשים טובים וואָס מיר טוען וועט ער דאָך אונז געבען נאָך אונזער ערך נאָך דעם ערך פון די מעשים אונזערע דעריבער בעטען מיר בעסער „כדלים וכרשים", ער זאָל אונז געבען נאָך זיין ערך נאָך, אָט די זעלבע בעטען מיר דאָ אין דער תפלה: „חננו ועננו כי אין בנו מעשים", מיר האָבען דיר ניט געבראַכט קיין סחורה דו זאָלסט אונז דאַרפען געבען נאָכ'ן ערך פון די סחורה אונזערע, נאָר מיר בעטען דיר: „עשה עמנו צדקה וחסד", און דאָס וועט זיין גערעכענט נאָך דעם ערך פון דיין גענאָד און פון דיין גוטקייט. „והושיענו" און העלף אונז.

דער אונטערשייד פון צדקה און חסד איז: צדקה גיט מען אַ אָרעמאַן ניט אויף אוועקצוגעבען, און חסד איז וואָס מען גיט אויף אַוועק צו געבען, ווי רש"י מאַכט אין פ' ויחי: ועשית נא עמדי חסד ואמת, חסד שעושים עם המתים הוא חסד של אמת שאינו מצפה לתשלום גמול", דעם חסד וואָס מען טוט מיט אַ טויטען דאָס איז אַחסד של אמת, ער האָט ניט צו באַצאָלט ווערען, וויַזט דאָך דאָס אַז אין אַ אַנדער אָרט איז חסד אויף צוועקצוגעבען צוריק, אַזוי ווי מענשען רופען אן „אגמילות חסד", אַז מען לייט אויף אַוועקצוגעבען, אַז מיר בעטען צדקה בעטען מיר ער זאָל אונז דעריבער געבען ווי אַפּאָטער אַ קינד ניט אויף אָב צוגעבען צוריק. און אַז מיר בעטען חסד איז ווי מען בעט ביי אַ קעניג. דאָס בעטען מיר: „אבינו מלכנו כו' עשה עמנו צדקה וחסד והושיענו".